אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע
פון אָרן ווערגעליס

יאשע טשערניס איז געבוירן געוואָרן אין 1909 אין נאָוואָ־גראַד־וואָלינסק, זשיטאָמירער געגנט, אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע. צו 14 יאָר אַריבערגעפאָרן קיין טשערניכאָוו און געאַרבעט אַלס בעקער אין א לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמונע. אין 1930 שיקט אים די קאָמונע זיך לערנען אין אַרבפאַק פונעם אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. דאָ שטעלט ער די ערשטע ליטעראַרישע טריט — שרייבט פאַרצייכענונגען און דערציילונגען. אין 1932 קומט ער קיין בירָאָבידזשאַן לויט א קאָמיוגישער פּוטיאָווקע, אַרבעט אין געביט פון דער פאָלקס־בילדונג, שפּעטער — אינעם מיליטער־קאָמיסאַריאַט. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. נאָכן זיג איבער דעם פאַשיזם האָט ער געאַרבעט אין פראָסקוראָוו (איצט — כמעלניצקי), כאָטין (טשערנאָוויצער געגנט), מאָסקווע. אין די לעצטע יאָרן געווען א מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״. אין זשורנאַל האָט ער פאַרעפנטלעכט א ריי פאַרצייכענונגען און דערציילונגען. געשטאָרבן אין מאָסקווע אין 1977.

אף צאָפן פון דער שטאָט ביראָבידזשאן, אין דער סאמע טיפעניש פון דער טײַגע, ליגט דאָס דאָרף קוקאן. אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט קוקאן, ווו עס האָבן, אחוץ די עטלעכע רוסן, געלעבט נאנײַער און יאקוטן, געהערט צום ביראָבידזשאנער אדמיניסטראטיוון ראיאָן. דאָרטן איז געווען א קאָלווירט, א שול, א מעדיצינישער פונקט, א קלייט פון דער געברויך־קאָאָפּעראציע, א קינדער־גאָרטן און א קלוב. דער קאָלווירט האָט זיך פארנומען איבערהויפּט מיט פישפאנג און יעגערײַ.

זומערצײַט איז צו קוקאן קיין צוטריט ניט געווען, דורכויסיקע טײַגע און זומפּן האָבן פארשטעלט צו אים דעם וועג. בלויז זעלטענע געוואגטע וואלדהעקער פלעגן זיך אראָפּלאָזן אף א פליט מיטן טײַך אורמי, צו דער אײַזנבאן־סטאנציע ניקאָלײַעוו, נאָר קעדיי קומען צוריק, האָט מען באדארפט ווארטן, ביז וואנען דער פראָסט וועט פארשמידן אין אײַז אלע זומפּן און טײַכן, שאפנדיק דעם אזויגערופענעם „זימניק", וואָס ניט יעדערער האָט אים געוווסט.

איבער אָט די אומשטענדן האָט געטראָפן אזוי, אז די לערער און אנדערע אָנגעשטעלטע פון דעם ייִשעוו האָבן ניט באקומען קיין געהאלט קימאט אין משך פון א יאָר צײַט. ווען ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט דער ווינטער, האָט מען באשטימט זיך צעצאָלן מיט די קוקאנער. די דאָזיקע מיסיע איז אויסגעפאלן אף מיר. און אזויווי איך בין נאָך קיינמאָל אין קוקאן ניט געווען, וועט מײַן באגלייטער זײַן דער פאָרזיצער פונעם קוקאנער דאָרפסראט, דער נאנײַער אין־די־קאן, אף וועלכן מע וואַרט פון טאָג צו טאָג — ער דאַרף זיך אומקערן פון מאָסקווע, וווּהין ער איז געפאָרן אפן אָקטיאבער־יאָמטעוו מיט א דעלעגאציע פונעם ביראָבידזשאנער ראיאָן.

אין ראיאָנישן פארטיי־קאָמיטעט האָט מען מיר געזאָגט:

— ווען דו ווערסט דורכמאכן דעם וועג קיין קוקאן און בעשאַלעם זיך אומקערן פון דאָרט, וועט מען שוין מעגן זאָגן, אַז דו ביסט אויסגעווען אין אונדזער ראיאָן ווי א ווינקעלע.

אין בירָאַבידזשאנער מעלוכע־באנק האָט מען ארויסגענומען פון א סייף א פארפלאָמבירטן רוקזאק, אָנגעשטאָפט מיט געלט. איך האָב אים אָנגעמאָסטן אף די אקסל און דערפילט, אַז ער איז גאנץ שווער. טאקע דאָרט, אין באנק, דערוויס איך זיך, אַז מאָרגן וועט אין־די־קאָן שוין זײַן אף דער סטאנציע אין, ווו אף דער באזע פון דער קור־אורמיער וואלד־פראָדוציר־ווירטשאפט ווארט אף אים א הונט, א יעגער־ביקס און א זאק געפרווירענע „קרעפלעך" פון בערן־פלייש.

אין בירָאַבידזשאנער „סאָיוזפושנינא" באקום איך א קאָסטיום פון ציגן־פעל, א פּאָר הויזן, א רעקל און א שלאָף־נאק — אויך פון דעם זעלבן פוטער. די אונטעס זײַנען ווי געווײנלעך געמאכט פון הירשן־פּעלעכלעך. אף אזא לײַכטער און ווארעמער אמוניציע קאָן מען זיך פארלאָזן און ניט מוירע האָבן פאר די גרעסטע פרעסט.

## דער ערשטער טאָג

אין הויף פון דער קור־אורמיער באזע האָט אין א ווינקל געברענט א שײַטער. איבער אים איז אף אן אײַזערנעם דרײַפוס געשטאנען א קעסעלע, אין וועלכן ס'האָט זיך עפּעס געקאָכט. בײַם שײַטער איז אף א דיקן בערעוזע־קלעצל געזעסן א נאנײַער און געררייכערט א ציבעק. באנאנד איז געלעגן א קודלאטער הונט.

איך האָב אראָפּגענומען דעם רוקזאק פון די אקסל און זיך אוועקגעזעצט לעבן דעם נאנײַער. ער האָט מיך באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס מיט זײַנע פארזשמירעטע אויגן. דאָס פּאָנעם, א צעקנייטשטס פון זון און ווינט, אין דער גוטמוטיקער שמייכל פון די גרויסע, ווײַסע, קוים פארדעקטע מיט די ליפּן ציין האָבן ארויסגערופן צוטרוי.

דאָס איז געווען אין־די־קאָן. מיר האָבן זיך באקאנט, און איך האָב זיך אָנגעפרעגט, וויאזוי מע רופט דעם הונט. אין־די־קאָן האָט ניט גלײַך געענטפערט, נאָר עפּעס געזאָגט צום הונט אף נאנײַיש.

דער הונט האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, זיך אָפּגעטרייסלט און גענומען מיך באַשמעקן און באַקוקן מיט זײַנע געלע אויגן. איך האָב ניט געקאָנט באַשטימען דעם קאָליר פֿון זײַן געדיכטן, קודלאַטן פֿוטער: אַ שוואַרצער מיט ווײַסע פֿלעקן, אָדער, פֿאַרקערט, אַ ווײַסער מיט שוואַרצע פֿלעקן? די פֿיס זײַנען בײַ אים געווען ווי אָנגעטאָן אין געלע זעקעלעך, און די מאָרדע איז אויך געווען אײַנגאַנצן אַ געלע.

אין־די־קאַן האָט אים צוגעפֿירט צום רוקזאַק, עפּעס אַ וואָרטשע געטאָן, דער הונט האָט זיך געדרייט אַרום רוקזאַק, אים באַשמעקט, גע־דרייט מיטן פֿאַריסענעם עק, פּונקט ווי ער וואָלט פֿון עפּעס געווען צו־פֿרידן.

אין הויף איז אַרײַנגעקומען דער פֿאַרוואַלטער פֿונעם וואַלד־פּראָדו־ציר־באַצירק סקוואָרצאָוו, אַ ניט הויכער געפּאַקטער מענטש אין די מי־טעלע יאָרן, מיט אַ געשטופּלט פּאָנעם און שוואַרצע ברייט־צעשפּרייטע וואָנצעס, מיט איין אויער (שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעם צווייטן אויער האָבן אים אָראָפּגעהאַקט די ווײַסגוואַרדייער בײַסן בירגער־קריג). סקוואָרצאָוו האָט געוווּסט וועגן מײַן שליכעס. ער האָט געוואָלט אַ פּרוּוו טאָן, ווי שווער עס איז דער רוקזאַק מיט דעם געלט, נאָר דאָ האָט דער הונט זיך צעריטשעט בייז און אָנגעכאַפּט מיט די ציין סקוואָרצאָוון פֿאַרן אַרבל. אין־די־קאַן האָט אַ געשריי געטאָן:

— כונזײַ, אוועק! אוועק, כונזײַ!

דער הונט האָט אָפּגעלאָזט דעם אַרבל און זיך אוועקגעזעצט לעבן רוקזאַק אין זײַן, ווײַזט אויס, באַליבטער פּאָזע: די פֿאָדערשטע פֿיס פֿאָ־רויס און די מאָרדע אויף זיי.

אין־די־קאַן האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן לויטערן בלויען הימל:

— די זון איז שוין הויך, נאָר דער טאָג איז קליין, שײַטאַן־שאַמאַן, מע דאַרף זיך קלײַבן אין וועג...

— עפּשער מאָרגן פֿאַרטאָג?

— בײַ אונדז זאָגט מען, אַז אַפֿילו ווען ס׳איז שפּעט, קאָן מען אָפּ־טאָן אַן אַרבעט פֿון דער פֿרי... נאָר פֿריִער פֿון אַלץ דאַרף מען אָפּעסן, די שווערסטע לאַסט אונטערוועגנס איז הונגער, זאָגט מען בײַ אונדז.

אין־די־קאַן האָט אָנשטאָט אַ „שין" אַרויסגעבראַכט אַ „סאַמעך". און דאָס רוסישע וואָרט „פּאַקושאַט" האָט בײַ אים זיך באַקומען „פּאַקוסאַט". ער האָט געפֿונען נאָך איין קלעצל, אוועקגעלייגט עס נאָענט צום שײַ־

טער, צעשפּרייט ביידע הענט אַזוי, ווי דאָס זאָל הייסן: „ביטע צום טיש", אָנגעפּילט מײַן קעסעלע מיט „קרעפּלעך". איך האָב אַרויסגענומען פון דער כאַליעווע פון די אונטעס א הילצערנע לעפל. ביז דעמלט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט פאַרזוכט קיין בערן-פלייש, און דאָס ערשטע „קרעפּל" האָב איך צעביסן מיט אַזא געפיל, פּונקט ווי אָט באַלד וועט פון אים אַרויסשפּרינגען א בער און מיך א פרעג טאָן: „ווו האָסטו זיך צוגעווינט צו פרעסן בערן-פלייש, בא דײַן טאַטן, דעם בעקער אין וואָלאָדאַרסק, האַ?", נאָר איך האָב דערפילט, אַז נישקאָשע, דאָס עסן איז געשמאַק, עמעס, מיט א זיסן נאָכטאַם. די יויך איז אויך געווען א באַטאַמטע, אין דער מאָס געזאַלצן און געפעפערט. אין-די-קאַן האָט אָנגעהאָדעוועט דעם הונט מיט אָפּגעקילטע „קרעפּלעך", און מיר האָבן זיך גענומען קלײַבן אין וועג אַרײַן. צו מײַן רוקזאַק האָבן מיר צוגעבונדן דאָס אײַזערנע דרײַפיסל, אין דאַשעק פון מײַן היטל האָב איך אײַנגעמאָסטעט עטלעכע שאַכטלעך שוועבעלעך.

דעם זאַק מיטן עסן האָט אין-די-קאַן פאַרבונדן אויך ווי א רוקזאַק, נאָר געווען איז ער א סאַך שווערער, ווי דער, וואָס מיטן געלט. אַהין האָבן מיר אַרײַנגעלייגט אויך דעם שאָקאָלאַד און דאָס געבעקס, וועלכע איך האָב באַקומען אין ביראָבידזשאַן. אין-די-קאַן האָט נאָך גענומען אַף זיך די יעגער-ביקס און א פּאַטראָנטאַש מיט אָנגעלאָדענע פּאַטראָנעס. אים, האָב איך א טראַכט געטאָן, וועט זײַן ניט גרינג. נאָר די איינציקע האָפענונג איז געווען, אַז אין-די-קאַנען וועט מיט דער צײַט ווערן גרינגער: פלייש וועט דאָך פון טאָג צו טאָג ווערן ווייניקער. דערווײַל אָבער איז ער געווען אָנגעלאָדן גאַנץ שווער.

די גאַנצע צײַט, בייס מיר האָבן זיך געקלײַבן אין וועג אַרײַן, האָט כונזײַ שטיל געסקוליעט, זיך געדרייט און געטאַנצט, געווען ווי צופרידן, וואָס מיר וועלן באַלד זיך רירן פון אָרט.

— גיט איבער אונדזערע כעוורע, אַז מיר וועלן אינגיכן קומען צו זיי, — האָט באַם געזעגענען זיך געזאָגט סקוואָרצאָוו. ער האָט מיר געשענקט אין וועג א שטעקן און באַמערקט: — אַף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן, ער איז שוין דרײַ מאָל געגאַנגען קיין קוקאָן...

מיר זײַנען אַרויס פון דער קאַליטקע, כונזײַ איז געלאָפן פאַרויס, פּונקט ווי ער וואָלט געוווּסט, וווּהין מיר דאַרפן גיין. ניט אײַלנדיק האָבן

מיר אינגיכן איבערגעשניטן די אײַזנבאַן-ליניע, פארלאָזט די ברייטע גאסן מיט אײַנשטאָקיקע, געבויטע אף איין מאניר, העל-געלע הילצערנע הײַזער און ארויס אף א שליטוועגס מיט סימאָנים, אז דאָ האָט מען פון ערגעץ געפירט היי.

ס'איז געווען שוין האלב-טאָג, דער פראָסט האָט געברענט, נאָר די ווײַטמיזרעכדיקע זון האָט געבלענדט אין די אויגן. פאָרויס איז געלאָפן כונזײַ, נאָך אים איז געגאנגען אין-די-קאן, נאָך אין-די-קאנען איך. אזוי האָבן מיר דערנאָך זיך באוועגט שטענדיק, ניט צונויפריידנדיק זיך.

געשפאנט האָט אין-די-קאן ניט ווי געוויינלעך. די טריט האָט ער געשטעלט ניט פאָרויס, נאָר אין א זײַט, איבערוואָרפנדיק זיך פון איין אקסל צום אנדערן, און ס'איז געווען שווער צו פארשטיין, וויאזוי מאכט ער עס דורך א גרויסן מעהאלעך מיט אזעלכע טריט. די פלייצע האָט ער געהאלטן אײַנגעהויקערט, דער זאק מיטן עסנווארג זאָל אים באם גיין ניט שלאָגן אונטער די קני.

לענגויס דעם וועג און ארום אונדז איז געווען א געדיכטער קוסטאַרניק, צונויפגעמישט מיט נידעריקע נוסנביימלעך, אף וועלכע די בלעטער האָבן זיך נאָך געהאלטן גאנץ שטארק און געהאט דעם קאָליר פון מעש. ארום איז געווען שא-שטיל, בלויז אונטער כונזײַס פיס האָבן גערוישט פארטריקנטע בלעטער. דער הונט איז געלאָפן פאָרויס און צוריק, זיך אָפטמאָל אָפגעשטעלט, אָנגעשפיצט די אויערן, געדרייט מיטן עק, געטאנצט ארום אין-די-קאנען און ארום מיר און ווידער געלאָפן פאָרויס און צוריק.

נאָך א פאָר שאָ גיין זײַנען אפן שליטוועגס פארשוווּנדן די סימאָנים פון היי. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די טײַגע. אין-די-קאן האָט פאָרגעלייגט מאכן דעם ערשטן פריוואל. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אונטער א צעצווײַגטן צעדער. אף דער ערד, אײַנגעזונקען אין שניי, זײַנען געלעגן אָנגעוואלגערטע, געפאלענע פון ווינט און געוויטערביימער-שטאמען, וווּ-ניט-ווו זײַנען געשטאנען אויסגעטריקנטע צעדערס, אָן צווײַגן, אָן קאָרע, ווי אײַנגעבראָכענע סלופעס, רויטלעכע בא דער שײַן פון דער זון. די יעלן מיט פארשנייטע צווײַגן זײַנען געווען פארצויגן מיט שטילקײַט און רויקײַט. די קרוינען פון די סאָסנעס און צעדערס זײַנען געשטאנען, ווי היטערס פון אלץ, וואס איז נידעריקער פון זיי.

אונדזערע זעק זײַנען געהאַנגען אַף אָפּגעדאַרטע צווײַגן. אין־די־קאַן האָט פֿאַרייכערט זײַן ציבעק, און איך — מײַן ציגאַר. כובזײַ איז געלעגן אויסגעצויגן לעבן אונדז אין זײַן באַליבטער פּאָזע. ווען עמעצער פֿון אונדז האָט גערעדט, האָט ער אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, פּונקט ווי ער וואָלט אַלץ פֿאַרשטאַנען.

— אין מאָסקווע ביסטו געווען אַמאָל? — האָט מיך געפֿרעגט אין־די־קאַן.

— אַוואַדע. פֿון אַדעס קיין ביראָבידזשאַן קאָן מען ניט אַנדערש, ווי דורך מאָסקווע.

— וויפֿל טעג ביסטו געווען אין מאָסקווע? — האָט ער גוטמוטיק אַ זשמורע געטאָן זײַנע אויגן.

— דרײַ טעג.

— דרײַ טעג... זייער ווייניק. זייער ווייניק דרײַ טעג, שײַטאַן־שאַמאַן. און בײַ קאַלינינען ביסטו געווען? ניין? און בײַ סמידאָוויטשן אויך ניט?

אין־די־קאַן קאָן זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן, וויאַזוי קאָן מען זײַן דרײַ טעג אין מאָסקווע און ניט אַרײַנגיין צו קאַלינינען, צו סמידאָוויטשן. מער פֿרעגט ער גאָרניט, רייניקט אויס זײַן ציבעק, קלאַפּט אים אָן אַפּסנײַ מיט טוטין און זאָגט:

— אין וועג אַרײַן!

נאָר קיין שום וועג איז, אייגנטלעך, ניט פֿאַראַן. ביז אַהער זײַנען געווען סימאָנים פֿון אַ שליטוועגס, וואָס האָט געפֿירט צו די סקירדעס היי, און איצט גייט מען לויט די קאַרבן אַף דיביימער. אָבער זען אָט די קאַרבן איז אוממעגלעך. מע האָט זיי אויסגעקאַרבט שוין לאַנג. די זון, דער רעגן און דער ווינט האָבן זיי באַפֿאַרבט אין איין קאָליר מיט די שטאַמען. כּוֹח דעם, איז שוין נאָך האַלבן טאָג, די זון איז נאָענט צום האָריזאָנט, אַהער שלאָגן זיך דורך בלויז קאָסע פּאַסן שײַן.

אונטער די פֿיס סקריפּעט דער האַרט פֿאַרלעגערטער שניי. ער האָט שוין אַלץ פֿאַרשאָטן און קימאַט פֿאַרגלײַכט אונטער די פֿיס. וווּ אַ גרוב, וווּ אַ צווײַג, וווּ אַ פּניאַק און וווּ אַ קאָרטש, האָט מען דערפֿילט שוין נאָכדעם, ווען מע האָט אָנגעטראָטן אַף זיי.

איך האָב זייער מוירע געהאַט, טאָמער, כאַסווע־כאָלילע, וועט אין־די־קאַן פֿאַרבלאָנדזשען אין דער טײַגע. איך האָב אויך אָנגעשטרענגט די

ריִע, געדרייט מיטן קאָפּ אַף רעכטס און אַף לינקס, און אין אַ גוטער שאָ אַרום דערפֿילט, אַז די אויגן קריכן מיר מאַמעש אַרויס אַפֿן שטערן. אין-די-קאַן איז געגאַנגען ניט אײַלנדיק, געצויגן דעם ציבעק און געשוויגן. שפּעטער האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ניט געשוויגן האָט ער, נאָר גערעדט מיט אַלץ, וואָס ס'האָט זיך אים געטראָפֿן אין וועג, אַף אַלץ רעאַגירט. ער האָט געלייענט די טײַגע, ווי אַן אָפֿענעם בוך, וואָס איז אָנגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס און וווּ יעדעס פּינטעלע, יעדע קאָמע, יעדע פֿראַגע איז אים פֿאַרשטענדלעך, אַף אַלץ האָט ער געקאָנט געבן אַן ענטפֿער. ער האָט געוווּסט, וואָס בײַ אים איז אונטער די פֿיס, וואָס עס איז פֿאַרויס און וואָס הינטער דער פּלייצע. ווען-ניט-ווען האָט ער זיך אַליין קאָנטראָלירט, צי ער גייט נאָך די קאַרבן אַף די ביימער, נאָר אָן זיי וואָלט ער אויך געקומען אַהין, וווּהין מע דאַרף.

ווײַזט אויס, עס איז שוין לאַנג צײַט עסן וואַרמעס. דעם עמעס גערעדט, גלוסט זיך מיר ניט אַזוי עסן, ווי זיך אָפּרוען. איך פֿרעג בײַ זיך אַליין, פֿאַרוואָס ווער איך אַזוי גיך מיד, און איך ענטפֿער: דער וועג איז ניט גלײַך, מע דאַרף אָפּטמאָל אַ שפּרונג טאָן פֿון איין שטיין אַף אַ צווייטן, איבערהויפּט ווען מיר גייען דורך די פּליסנדיקע, ניט געקוקט אַפֿן פֿראָסט, טײַכלעך. מיר גייען איבער קלעצער און שטאַמען, איבער קאָטשקעס, באַרג-אַרויף און באַרג-אַראָפּ. נאָר איך כאַפּ זיך, אַז אין-די-קאַן גייט אויך מיט דעם וועג, ער גייט דער ערשטער, ער טראָגט אַ זאַק, וואָס איז שווערער פֿון מײַנעם. ער איז, ווי איך בין זיכער, עלטער פֿון מיר.

איך האָב גאָרניט באַמערקט, ווי אין-די-קאַן איז געבליבן שטיין בײַ אַ בוים, פֿאַרוואַרפֿנדיק דעם קאָפּ אַרויף, קוקנדיק, ווי פֿון צווײַג צו צווײַג שפּרינגט אַ וועווערקע, אַזוי גיך, אַז מע באַווײַזט ניט נאָכשפּירן נאָך איר. בלויז לויט דעם, ווי דער שניי שיט זיך פֿון די צווײַגן, האָט מען געקאָנט באַמערקן, וווּ זי איז. כונזײַ האָט געטאַנצט, געשפּרונגען און געבילט, זיך געשטעלט אַף די הינטערשטע פֿיס און זיך געדרייט אַרום אין-די-קאַנען.

און ער, אין-די-קאַן, האָט פֿון אַלץ געהאַט האַנאָע: אי פֿון דעם, ווי די וועווערקע שפּרינגט פֿון צווײַג אַף צווײַג, פֿון בוים אַף בוים, אי פֿון דעם, ווי דער הונט פֿאַרווײַלט זיך. זײַן געזיכט איז געווען באַלויכטן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, פּונקט ווי ער וואָלט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן דערזען אַ וועווערקע:

— סאַראַ שעדעלע, שײַטאַן־שאַמאַן!

ער האָט אַרויסגענומען פֿונעם הילצערנעם שײדל, וואָס איז געהאַנגען אויפֿן גאַרטל, אַ מעסער, אָפּגעשניטן אַ פּרוטיקל און געזאָגט, ווי צו זיך אַליין:

— וועלן מיר הײַנט אין אָוונט טרינקען טיי מיט לימענע, נעם פּאַרזוך, — און מיר דערלאַנגט אַ שטיקעלע פֿונעם פּרוטיקל.

איך האָב צעקײַט דאָס שטיקל האָלץ און דערפֿילט דעם טאַם און רייעך פֿון עמעסער לימענע. וואָס פֿאַר אַ געוויקס איז דאָס, פֿרעג איך דערווײַל ניט, סוועט נאָך זײַן גענוג צײַט זיך דערוויסן וועגן דעם.

אָט אַזוי גייען מיר ווײַטער. סקוואַרצאָווס שטעקן קומט מיר גוט צוניץ, ס׳איז לײַכטער צו גיין, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אים. מיט אים איז גרינגער אויסצומײַדן אַ קאָטשקע, אַן אומגעפֿאַלענעם שטאַם, צי אַנדערע מיט שניי פֿאַרשאָטענע שטרויכלונגען, וועלכע טרעפֿן זיך דאָ אויף טריט און שריט.

אין־די־קאַן שטעלט זיך אָפּ און פֿרעגט בײַ מיר:

— דו וועסט אָט יענע סאָפּקע? צופֿוסנס פֿון איר איז פֿאַראַן אַ שטילערטעלע, שײַטאַן־שאַמאַן. דאָרט וועלן מיר נעכטיקן.

דערווײַל אָבער זעט מען אינדערווײַטנס גאָרניט. ביימער, ביימער, ביימער. די לופֿט איז געוואָרן געדיכטער און בלויער, דער פֿראָסט שטאַרקער, דער שניי אונטער די פֿיס הילכיק־סקריפּענדיקער. אַלץ איז אומבאַוועגלעך און שטיל.

אײַנגיכן זײַנען מיר טאַקע געקומען צו דער סאָפּקע, וועגן וועלכער אין־די־קאַן האָט גערעדט. קיידעמקאָל העגנגען מיר אויף אויף די ביימער אונדזערע זעק, דערנאָך קלײַבן מיר אָן טרוקענע צווײַגן פֿאַר אַ שײַטער. אויף רעכטס פֿון אונדז דערטראָגט זיך דאָס שטילע מורמלען פֿון אַ וואַסערפֿאַל. נאָך וואַסער גייען מיר זאַלבעצווייט, אין־די־קאַן זאָגט, אַז לאָזן מיך אַליין טאָר ער ניט, ווײַל די ביקס איז מיט אים.

— און מײַן רוקזאַק? — פֿרעג איך אים.

— דעם רוקזאַק וועט קיינער ניט נעמען, אין טײַגע דאַרף מען זײַן באַהיט פֿון אַ כײַע, ניט פֿון מענטשן, שײַטאַן־שאַמאַן!

דער וואַסערפֿאַל איז שוין געווען גענוג אָנגעפֿרוירן אין דער הייך, קימאַט אויפֿן שפּיץ פֿון דער סאָפּקע. דאָס איז האָט אויסגעזען, ווי אָנגע-

רונענע פארגליווערטע הרודעס כיילעוונע ליכט, פון זיי איז דאָס וואסער ניט געפלאָסן, נאָר ווי זיך ארויסגעריסן אף דער פרײַ.

די קרעפלעך קאָכן זיך שוין, און מיר הייבן אָן גרייטן די געלעגערס. מיט ביינטלעך צווייַגן שארן מיר צונויף דעם שניי אף צוקאָפּנס, לייגן זיך אריַין אין די שלאָפזעק אפן שניי, ס'זאָל זיך ארויספאַרמירן אונדזער „בעט". די רוקזעק זײַנען איצט בא אונדז צופוסנס, מיר זאָלן זיי זען, ליגנדיק אף די געלעגערס.

אָפּגעגעסן צו זאַט, טרינקען מיר אויס די קווערטלעך טיי (מיט לי-מענע!). די מידקייט פארפולט אלע גלידער.

— אין־די־קאַן, וויפל האָבן מיר היינט דורכגעמאכט קילאָמע-טער? — פרעג איך.

— היינט האָבן מיר געמאכט א האלבן טאָג גאנג. מאָרגן, שייטאַן-שאמאַן, דאַרף מען מאכן א גאנצן טאָג גאנג.

— וויפל זשע קילאָמעטער איז א טאָג גאנג? — בין איך נייגעריק צו וויסן.

— דאָס ווייס איך ניט, מיר מעסטן ניט אף קילאָמעטערס.

מיר זײַנען אריַין אין די שלאָפזעק. די ביקס האָט אין-די-קאַן אריַינ-געלייגט צו זיך אין שלאָפזאק.

איך האָב אים געפרעגט:

— עפּשער אוועקלייגן דעם רוקזאק מיט געלט צוקאָפּנס?

— ניין, ניין, קיינער וועט אים ניט טשעפּען. טאָמער וועט פאר א האלבער שאָ גאנג טרעפן א מענטש, וועט דער הונט געבן צו וויסן.

— פאַרוואָס זשע נעמט איר די ביקס צו זיך?

— אויב א כײַע וועט אָנפאלן, שייטאַן-שאמאַן.

צווישן אונדז, אף אָנגעשאָטענע יעלן-צווײַגלעך, איז געלעגן כובזיי. איך האָב געפילט זײַן אָטעם און די ווארעמקייט. ס'האָט אויסגעזען אזוי, פונקט ווי מיר אלע שלאָפן אף איין בעט, נאָר דעקן זיך צו מיט באזונ-דערע קאָלדרעס. אין טײַגע איז געווען שא-שטיל, יעדער מינדסטער שאָרך פונדערווײַטנס דערטראָגט זיך בוילעט. נאָר אָט האָט זיך דערהערט א הילכיקער קלאנג.

— דאָס קנאַלן די צעדערס, — זאָגט אין-די-קאַן. — זיי שפּאלטן זיך פון אינווייניק, פונעם פראָסט.

צו מיר דערגייט דער רויך פון אין-די-קאנס ציבעק, ער שלאָפט ניט. אייגנטלעך, איז דאָך נאָך ניט אזוי שפעט, און אין-די-קאן זאָגט, גלייך ווי ער וואָלט פאָרגעזעצט דעם באטאָגיקן שמועס:

— הייסט עס, דו ביסט בא קאלינינען ניט געווען? א שאָד, א שאָד...

איך פיל, אז ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו מיר.

— א שיינע שטאָט מאָסקווע... זייער א גרויסע. וויפל דו זאָלסט ניט פאָרן, שיטאן-שאמאן, קאָנסטו ניט קומען צו איר סאָף... אויטאָמאָבילן, פערד און וועגעלעך, טראמווייען — אָן א שיר און אָן אן עק... מענטשן אזויפיל, וויפלביימער אין טייגע...

זיין ציבעק האָט זיך פארלאָשן, ער האָט זיך צוגעזעצט אין שלאָפזאק און גענומען טשמאָקען דעם מונדשטוק. איך האָב ווידער דערפילט דעם רויך פון שטאַרקן טוטין.

— ביז, שיטאן-שאמאן, מע מאכט אליין ניט דורך דעם וועג פון בירא-בידזשאן קיין מאָסקווע, קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן, ווי ווייט דאָס איז, א קלייניקייט צו זאָגן, ניין מעסלעס מיט א גיכן צוג... און דו ווייסט, איך בין שיר דאָרט ניט געבליבן אָן פיס. ווו דו גייסט און ווו דו שטייסט, טרעט מען דיר אף די פיס: גייסט אריין אין טראמוויי — טרעט מען אף די פיס, שטייסט אין מאגאזין — טרעט מען אף די פיס. אלע טראָגן דאָרט שטיוול אָדער שיך מיט קאלאָשן, פילן זיי ניט, אז מע טרעט אף זיי אָן. און איך טראָג ווייכע איטשיגעס, אָדער אונטעס. ווי נאָר מע טרעט מיר אָן אף די פיס, דערפיל איך באלד, שיטאן-שאמאן!

ער האָט זיך שטארק פארצויגן, זיך צעהוסט און איז זיך פארגאנגען אין א געלעכטער...

## דער צווייטער טאָג

גאנצפרי, ווי נאָר כ'האָב געעפנט די אויגן, האָב איך באלד באמערקט, אז אין-די-קאן איז שוין לאנג אף די פיס. דער שייטער האָט געברענט, אין קעסעלע האָט געבולקעט. לעם שייטער זיינען געלעגן באלעבאטיש צונויפגעלייגט אין א הורבעטשקע טרוקענע צווייגן.

ווען איך בין אַרויסגעקראָכן פֿון שלאָפֿזאַק, האָט כונזײַ אָנגעהויבן טאַנצן אַרום מיר, זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס און אַרײַנגעקוקט מיט זײַנע געלע אויגן גלײַך מיר אין פּנים אַרײַן.

— גוט-מאָרגן, — האָט לאַנגזאַם אויסגעצויגן אין-די-קאַן, — ווי ביסטו געשלאָפֿן? ביסט ניט פֿאַרפֿרירן געוואָרן, שײַטאַן-שאַמאַן?

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געשלאָפֿן ווינטער באַנאַכט אין דער טײַגע, האָב איך זיך געפֿילט ניט פֿויגלדיק, בפֿראַט נאָך דורכגעמאַכט אַזאַ מעהאַלעך מיט דער שווערער לאַסט אויף די פּלײצעס. אָבער זיך מוידע זײַן אין-די-קאַנען שעם איך זיך, און איך זאָג מיט אַ פֿרײלעכער מינע:

— אַ שאָד, וואָס איר האָט מיך פֿריִער ניט אויפֿגעוועקט, מיר וואָלטן שוין לאַנג באַדאַרפֿט גיין ווײַטער...

אין-די-קאַן פֿאַרעט זיך מיט אַ שטעקל בײַ די קוילן פֿונעם שײַטער, ציט זײַן ציבעק און ענטפֿערט:

— די טײַגע איז ניט קיין ווילדע ציג, זי וועט ניט אַנטלויפֿן...

פֿונדעסטוועגן דאַרף מען וואָס גיכער אוועקגיין. איך וואַש אײַן דאָס פּנים און די הענט מיט שניי, און מיר נעמען זיך צום פֿרישטיק.

— וואָס פֿאַר אַ מאַרשרוט איז בײַ אונדז הײַנט? — פֿרעג איך אין-די-קאַנען.

ער זופּט פּאַמעלעך, מיט הנאה די הייסע טיי, כאַפּט זיך ניט צו ענטפֿערן.

— הײַנט וועלן מיר קימאַט אַ גאַנצן טאָג גיין אַרויף, אַרויף און אַרויף...

אין דער טײַגע הערשט אַ טריבע שטילקייט, וואָס קלינגט אין די אויערן. מע דאַרף זײַן זייער געניט צו דערשפּירן אַ מינדסטן שאָרך און דערפֿילן, פֿון וואַנען ער קומט. מיר נעמען אויף רעכטס, קעדיי אויסצומײַדן אַ שווערן אויפֿשטײַג. אין-די-קאַן גייט, ווי שטענדיק, דער ערשטער, איך נאָך אים. זײַנע טריט הער איך בוילעט. קוים שטעלט ער זיך אָפּ, מעג איך אַפֿילע ניט זען, דערהער איך עס באַלד. כונזײַ לויפֿט הין און צוריק, הין און צוריק. אַ וועוועריקע שפּרינגט פֿון איין צווײַג צו אַ צווייטער. אַ האַרטער שניי-קויל פֿאַלט אַראָפּ פֿון אַ בוים — כונזײַ ענטפֿערט אויפֿן פֿאַרדומפּטן קלאַנג מיט אַ געביל.

— פֿאַרוואָס שיסט איר ניט? — פֿרעג איך אין-די-קאַנען.

— אָן אווײַרע דאָס פּעלעכל.

איך פֿאַרשטײ ניט: וואָס הײסט אַ יעגער לאָזט דורך אַ וועווערקע? אין-די-קאַן זעצט פֿאָר:

— בײַ מיר אינעם פּאַטראָן איז דער שראָפּנעל פֿאַר אַ גרױסער חיה. פֿון מײַן שראָפּנעל װעלן זײַן נאָר לעכער אין דעם פּעלעכל, און פֿון לע-כער קאָן מען קײן קאָלנער ניט מאַכן, שײַטאַן-שאַמאַן...

בײַ אין-די-קאַנען זײַנען די ברעמען און דאָס פּוטער פֿונעם היטל אָנגעפֿרױרן מיט פּראָסטיקן טױ. גײענדיק נאָך אים, טראַכט איך, אַז אַ מענטש, וואָס לעבט אין דער טײַגע, דאַרף האָבן אַ סך װאַרעמקײַט אונ-טער דער הויט. פּלוצעם דערהערט זיך עפּעס אַ גערויש, ענלעך אַף דער טראַסקערײַ פֿון טרוקענע צװײַגן. דער גערויש טראָגט זיך פֿונדערווײַטן מיט אַזאַ שנעלקײַט, פּונקט ווי אַ שטאַרקער ווינט וואָלט אים געטריבן נעענטער און נעענטער צו אונדז. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. כונזײַ האָט זיך צעבילט. איך האָב נאָך אַלץ ניט באַנומען, וואָס דאָ קומט פֿאָר, נאָר אין-די-קאַן איז שוין געשטאַנען גרייט מיט דער ביקס, זידלענדיק זיך אַף אַ קאָל:

— אוך, שײַטאַן-שאַמאַן, סאַראַ שאָד!

ערשט נאָכדעם דערזע איך, ווי ס'טראָגט זיך אַ גאַנצע סטאַדע ווילדע ציגן. זײ טראָגן זיך אַזױ, ווי זײ וואָלטן געשווומען, ברעכנדיק און טאָפּטשענדיק אַלץ, וואָס קומט זײ אַפּן וועג. איצט איז אָט דער אומענד-לעכער גערויש ענלעך צו ליטן קלאַנג אַף אַ וואַסערפֿאַל.

די ווילדע ציגן זײַנען שוין גאָר נאָענט, אַף אַ מעהאַלעך פֿון עטלעכע הונדערט מעטער. זײ לויפֿן איבער דער טײַגע אַזוי לײַכט, פּונקט ווי אונ-טער זײערע פֿיס וואָלטן ניט געווען קײן גריבער, קײן בערגלעך, קײן געפֿאַלענע בײמער און צונויפֿגעפּלאָנטערטע קוסטעס אין איבערפֿלעכט מיט די הודענעס פֿון לימענע-בײמער, וואָס ציען זיך, ווי שטאָלענע דראָטן, אַף צענדליקער קילאָמעטער. די ווילדע ציגן שווימען, אופֿהייבנדיק זיך אין אַראָפּלאָזנדיק זיך, און איבער אָט דער כוואַליע שטײט אַ וואָלקן פֿו-נעם אָטעם, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זײערע מײַלער און פֿון די נאָזלעכער.

— אוך, שײַטאַן-שאַמאַן! — האָט ווידער אויסגעשריִען אין-די-קאַן, אָן אופֿגערעגטער פֿון דעם געזעענעם. ער האָט ניט געקאָנט אײַנשטיין אַף

איין אָרט, געטופּעט און געטופּעט אף דעם סקריפּענדיקן, איינגעלעגערטן שניי.

— פאַרוואָס זשע שיסט איר ניט, אין-די-קאַן? נו, שיסט!

אין-די-קאַן האָט אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון שטערן:

— מע טאָר ניט, — האָט ער קוים אויסגערעדט, — מע טאָר ניט שיסן, ווען ס'גייט א גאַנצע סטאַדע.

— וויאַזוי זשע ווייסט מען, ווען ס'איז א סטאַדע, און ווען ניט קיין סטאַדע?

— מער ווי דריי ציגן איז א סטאַדע.

מיר זיינען אַרויס אף א פלאַכן אָרט און דערזען אפן האָריזאָנט א קייט סאָפּקעס, גוט באַלויכטענע מיט זון-שיין. בלויז די פאַלדן אין די סאָפּקעס זיינען געווען פאַרטונקלט, און דאָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די פאַרשנייטע שפּיצן. די גאַנצע קייט האָט אויסגעזען ווי א זאָטל. צו דעם סאַמע נידעריקסטן טייל פון דעם זאָטל פירט איצט אונדזער וועג.

— אַז מיר וועלן איבערשטייגן די סאָפּקעס און קומען צו יענעם אָרט, וועלן מיר האָבן די רעכט צו עסן וועטשערע און זיך איינאָרדענען אף נאַכטלעג, — זאָגט אין-די-קאַן.

— עס זעט אויס ניט אַזוי וויַט, נאָר ס'וועט קלעקן קימאַט אף א גאַנצן טאָג.

— יאָ! א גאַנצן טאָג גאַנג, שייטאַן-שאַמאַן, און אַלץ אַרויף און אַרויף. נו, געגאַנגען.

הייַנט האָב איך, ווי נעכטן, איינגאַנצן זיך פאַרלאָזט אף אין-די-קאַנען. איך האָב זיך שוין איבערצייַגט, אַז ער ווייסט גוט די טייַגע און האַלט זיך באַם מאַרשרוט. ווען-ניט-ווען פלעג איך א קוק טאָן אף אייניקע ביימער און באַמערקן די קאַרבן. נאָר, אייגנטלעך גערעדט, צו וואָס דאַרפן מיר זיי איצט? מיר גייען שטרענג אף צאָפן. כוץ דעם, האָבן מיר הייַנט א גוטן וועגווייַזער — די סאָפּקע. בא אין-די-קאַנען איז, ווייַזט אויס, אַזא כוש, ווי בא די פייגל, וועלכע פליען פון צאָפן אף דאָרעם, און ער וועט אים קיינמאָל ניט אונטערפירן.

איבערפרי האָב איך זיך געפילט אַזוי צעבראָכן, ווי איך וואָלט א גאַנצן טאָג געאַקערט די ערד. נאָר איצט ברעכט שוין ניט אַזוי דער רוקן, ווי עס ציט אין די ליטקעס פון די פיס. צוביסלעכווייַז ווער איך

פאַרט צוגעווינט צום גאַנג. איך האָב זיך באמת ניט אָפּשטיין פון אין-די-קאַנען. געגאַנגען זײַנען מיר קימאַט שווײַגנדיק. אַפן גוטן אײַנגעלע-גענעם שניי האָבן זיך אַלץ מער און מער געטראָפן שפורן פון כײַעס און פייגל, כאָטש זיי אַליין האָט מען געזען זעלטן. אָפטער פון אַנדערע האָט זיך באַוויזן די ווערווערקע. טאַקע פון אונטער זייערע לאַפּקעס פאַלן עס די קנײַלעכלעך שניי, אַלעמאָל, ווען ס'באַווײַזט זיך אַ ווערווערקע, שטעלט זיך אין-די-קאַן אָפּ, בלײַבט אַ פאַרגליווערטער, און נאָך אַ ניט גרויסער פּאַוזע גייט ער ווײַטער. די טײַגע לייענט ער לויט די שפּורן, אַזוי ווי אַ בוך.

פונקט הײַנט, אַפן צווייטן טאָג פון אונדזער מאַרש-רײַזע, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ נײַגער צו דערוויסן זיך, וויפל געלט איז בײַ מיר אין רוקזאַק. ניט שוין זשע באַקומט אַזאַ קליינינקער יִישעוו, ווי קוקאַן, אַזויפיל געהאַלט, אַז מע דאַרף דאָס געלט טראָגן אין אַ רוקזאַק? עמעס, די וואָג פונעם רוקזאַק זאָגט נאָך גאָרניט: מע קאָן אים אָנשטאָפּן מיט איינע רובלען — האָסטו איין וואָג, אָדער מיט פינפערלעך — אַ צווייטע וואָג. נאָר הײַנט, ווען איך האָב אים פאַרוואָרפן אַף דער פּלייצע, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער איז שווערער, איידער נעכטן. פונוואַנען זאָל זיך דאָס נעמען? נאָך מער, מיר דוכט זיך, אַז איצט, באַטאָג, איז ער נאָך שווערער, ווי אײַנדערפרי. כ'האָב זיך אַזוי פאַרטראַכט, אַז איך האָב אַפילע ניט באַמערקט, ווי כ'בין אַ ביסעלע אָפּגעשטאַנען פון אין-די-קאַנען.

אַ קוק געטאָן אַף צוריק, האָב איך דערזען: מיר זײַנען שוין גאַנץ הויך. דאָס אָרט, וווּ ס'האָט זיך דורכגעטראָגן די סטאַדע ווילדע ציגן, איז איצט געלעגן בײַ אונדז צופוסנס. די קרוינען פון די צעדערס זײַנען געווען ווי אין אַ געדיכטן בלויען נעפּל. אַלצדינג האָט אויסגעזען דײַטלעך, בוילעט, צעטיילט אַף געוויסע שעטאָכים, אין וועלכע ס'איז זייער גרינג זיך צו פאַנאַנדערקלײַבן. איצט גייען מיר שוין ניט אַף צאָפן, נאָר אַף צאָפן-מײַרעוו, און קעדיי אויפהייבן זיך העכער, מאַכן מיר אַ זיגזאַג.

אינגיכן זײַנען מיר געקומען צו אַ קוואַל, וואָס טריפט אַרויס גלײַך פון דער סאָפּקע. דער קוואַל, דערציילט אין-די-קאַן, ווערט ניט פאַרפרוירן אַף אַ מעהאַלעך פון עטלעכע קילאָמעטער אין סאַמע גרעסטן פראָסט. מיר שטילן דאָ דעם דאָרשט, רוען זיך אַ ביסל אָפּ — און ווײַטער אין וועג אַרײַן, אַלץ העכער און העכער.

דער רוקזאק ציט אַף צוריק, נאָר איך שטעל די טריט פּאָרויס, בלויז פּאָרויס!

אָט אזוי גייענדיק, האָט זיך מיר דערמאָנט א מייַסע, וואָס איך האָב זי געהערט פון מייַן פּאָטער.

...א פויער איז אמאָל געקומען אין שטעטל צו א באקאנטן קליטניק און געבעטן אים אָפּוועגן אן אָקע זאַלץ. דער קליטניק האָט דאָס זייער גיך אָפּגעטאָן און גלייַך אריַנגעשאָטן די זאַלץ דעם פויער אין זעקעלע. יענער האָט עס א טרייסל געטאָן אינדערלויפטן, ווי ער וואָלט דאָס נאָכא־מאָל אָפּגעוויגן אין דער האנט, באצאָלט, פרעגנדיק דערביַי:

— מוישע, דו האָסט אָפּגעוויגן גוט, מיך ניט אָפּגענאַרט?

דער קליטניק האָט מיט פאַרדראָס א קוק געגעבן אפן פויער און אים געענטפערט:

— נו, יאָ, איך וועל טאקע אויסבויען א גאנצן מאַיאָנטעק דערפון, וואָס איך האָב דיך אָפּגענאַרט באם אָפּוועגן אן אָקע זאַלץ!

דער פויער האָט זיך פאַרשעמט און איז אוועק. שוין ארויסגייענדיק פון שטעטל, האָט ער ווידער א הייב געטאָן דאָס זעקעלע זאַלץ פאַר די אויגן, דאָס ווידער א טרייסל געטאָן, ווי ער זאָל עס נאָכאמאָל אָפּוועגן, און געזאָגט צו זיך אליין: „פונדעסטוועגן האָט ער מיך אָפּגענאַרט, דאָ איז ניטאָ קיין אָקע". אזוי איז ער דורכגעגאנגען נאָך עטלעכע קילאָמע־טער, ווידער א טרייסל געטאָן דאָס זעקעלע פאַר די אויגן, א קראַץ גע־טאָן דעם נאסן פון שוויס שטערן און געזאָגט צו זיך אליין: „און עפשער איז דאָ טאקע פאַראַן אן אָקע זאַלץ?" און איז ווייַטער געגאנגען. ווען ער איז געקומען צו זייַן דאָרף, האָט ער שוין דאָס זעקעלע פאַר די אויגן ניט געהויבן, נאָר געקלערט פאַר זיך: „ווייַזט אויס, אז ס'איז טאקע פאַראַן אן אָקע". א מידער פון וועג, איז ער אריַנגעפאַלן אין שטוב אריַן און גע־זאָגט צו זייַן פרוי: „דו ווייסט, איך האָב הייַנט געקויפט בא דעם קליטניק אן אָקע זאַלץ, איז דאָרט פאַראַן געוויס אָנדערהאַלבן אָקעס, אָט גיב א נעם דאָס זעקעלע".

אזוי, אפּאָנעם, איז געווען מיט מייַן רוקזאק. ער איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער.

באַטאָג האָבן מיר געמאַכט אַ קורצן איבעררײַס אַף וואַרמעס — בלויז קעדיי אויפֿזידן פֿון שנײי וואַסער, אָפּקאָכן די קרעפּלעך און אָפּעסן. אַפֿילע געשמועסט צווישן זיך האָבן מיר ווייניק.

אין-די-קאַן האָט אַ שאַרף אויג, ער זעט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. די טײַגע זעט ער אַף דורך און דורך. דאַכט זיך, אַ פּאַשעטע זאַך — אויסקלײַבן אַן אָרט, וווּ צו אָפּעסן וואַרמעס, — וועט עס קיינער ניט געפֿינען בעסער פֿון אים. אָט ליגט אַ טרוקענער צעדער, אָן קאָרע, ריין אָפּגעשיילט, ווי אַן אייעלע. דער שנײי האָט זיך אַף אים ניט פֿאַרהאַלטן. איז טאַקע דער דאָזיקער שטאַם איצט פֿאַר אונדז סײַ אַ טיש, סײַ אַ באַנק. עסנדיק, וואַרפֿן מיר זיך איבער מיט אַ פּאָר ווערטער. אין-די-קאַן איז זיך מודע:

— איך האָב געמיינט, אַז כ'וועל האָבן צאָרעס מיט דיר אין דער טײַגע, נאָר ווי איך זע, ביסטו אַ קאָמסאָמאָלעץ, שײַטאַן-שאַמאַן...

ער זעצט פֿאָר:

— ווען איך האָב געוואַרט אַף דיר אַף דער סטאַנציע אין, האָט זיך צו מיר צוגעזעצט אַ באָכער, אַ וואַלדהעקער. ער איז אוועקגעפֿאָרן... ניין, ניין, וואָס זאָג איך, ניט אוועקגעפֿאָרן, נאָר אַנטלאָפֿן פֿון טײַגע, שײַטאַן-שאַמאַן, אַף מײַרעו. אים געפֿעלט ניט דאָ. ער האָט געוואָלט, איך זאָל אים פֿאַרקויפֿן אַ ביסל פּעלמעניעס, וועלכע דו רופֿסט קרעפּלעך. האָב איך אים געזאָגט: „ניין, אויב דיר געפֿעלט דאָ ניט, טאָ פֿאָר זיך, ברודערל, און לאָז מיך צורו!" ער בעט בײַ מיר, און איך זאָג אים אָפּ, ער בעט בײַ מיר, און איך זאָג אים אָפּ. צום סאָף גיב איך אים צו פֿאַרשטיין: „הער, ברודעריל, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגן, אָט די פּעלמעניעס פֿון בערנפֿלייש זײַנען, אויב דו ווילסט וויסן, ניט מײַנע, אַלע לערערנס פֿון דער שויל און פֿונעם קינדער-גאָרטן און נאָך אַ סאַך פֿרויען, און אויך מײַן מאַריע, זײַנען געזעסן גאַנצע נעכט און געקלעפּט די פּעלמעניעס, זיי זײַנען פֿאַר אַ באָכער, וואָס דאַרף גיין מיט מיר קיין קוקאַן. פֿאַרשטייסט?"

בײַ דעם וואַרמעס האָבן מיר אַפֿילע ניט באַמערקט, ווי דעם גאַנצן אַרום האָט פֿאַרהילט אַ גרויער נעפּל. לויט דער צײַט איז געווען נאָך האַלבער טאָג, נאָר די זון איז פֿאַרשוווּנדן. מיר זײַנען שוין געווען גאַנץ הויך, אַפֿן סאַמע איבערפֿאַל פֿון דער סאָפּקע, נאָר וואָס קומט דאָ פֿאָר? פֿון יענער זײַט סאָפּקע, אַף וויפֿל מע קאָן נאָך פֿאַרנעמען פֿונדאַנען מיטן אויג, זעט אַלץ אויס ווי אײַנגעוויקלט אין שוואַרצן. דאָס ערשטע מאָל

אין לעבן זע איך אזא שוידערלעך בילד, אפילע דער שניי איז געווען שווארץ. בא דער מערהייט ביימער איז די קאָרע געווען אָפּגעבריענט ביז דער הייך פון א מענטשלעכן וווּקס. פון קליינוווּקסיקע ביימלעך, קוסטעס איז קימאט גאָרנישט ניט געבליבן.

אויך אין־די־קאַן, וועלכער איז שוין, ווי עס ווייַזט אויס, געוווינט צו אזעלכע בילדער, איז לעכאטשילע געשטאנען א דערשיטערטער. ער האָט עטלעכע מאָל א טשמאָקע געטאָן מיט דער צונג, שאָקלענדיק זיך פון איין אקסל צום צווייטן, און געזאָגט:

— איי, איי! אַך, אַך, אַך! שייטאַן־שאמאַן! וויפל כייעס זיינען דאָ אומגעקומען, וויפל כייעס זיינען פונדאנען אוועק און וועלן זיך שוין קיינמאָל אהער ניט אומקערן! אך, אך, אך, שייטאַן־שאמאַן!

דערנאָך, שוין מיט א מער שטרענגן און באפעלערישן טאָן, וועלכער האָט זיך בא אים ארויסגעכאפּט דאָס ערשטע מאָל, זינט מיר גייען מיט אים:

— מיר דארפן זיך איילן, וואָס גיכער ארויסגיין פונדאנען, אראָפּ און אראָפּ, ס'איז איצט טייער יעדע רעגע, מיר דארפן פונדאנען אוועקגיין אף רעכטס, ניט אף לינקס, וווּהין מיר האָבן באדארפט גיין, נאָר אף רעכטס. פארשטייסט?

מיר זיינען אוועק מיט גיכע טריט, אראָפּ, אראָפּ, צום צופוסנס פון דער סאָפּקע. אינדערלופטן האָט געשמעקט מיט סמאלענע, ווי נאָך א סרייפע. אלץ ווייניקער און ווייניקער האָבן זיך געטראָפן קלעצער, אָנגעוואלגערטע ביימער, שטאמען, קוסטעס און צווייגן. דאָס פייער האָט אלץ פארגלייכט, דער שניי האָט אלץ פארשאָטן און אויסגעמאָסטעט. די סאָזשע איז געקראָכן אין מויל אריין, געקריצט אף די ציין, פונקט ווי מיר וואָלטן געגאנגען אין א זאמדיקן מידבער. מיר זיינען שוין געווען זייער נאָענט צו דער סאָפּקע. די טונקלקייט איז געוואָרן געדיכטער, צי דאָס האָט זיך געדאכט, ווייל מיר זיינען שוין אריין אין דער נידער.

אף א ווײַלע שטעלן מיר זיך אָפּ. אין־די־קאַן רופט צו כונזייען, וועלכער איז געוואָרן אינגאנצן שווארץ, קיין ווייסע פלעקן זיינען אף אים שוין ניטאָ. מיטן שטעקן צעגריבלט אין־די־קאַן דעם שניי און באווייזט מיר:

— דו זעסט, דער שניי איז אף דורך און דורך מיט סאזשע, שייטאַן־שאמאַן!

יאָ! דאָ איז ניט פאַראַן ניט קיין האָלץ, ניט קיין וואַסער אף אָפּקאָכן וואַרמעס. פונדאַנען ביז דעם נאָענטן טײַכל דאַרפן מיר נאָך א גאַנצע שאָ גיין: צום קעגנײַבערדיקן ברעג האָט דאָס פײַער געוויס ניט דער-גרייכט: אָבער גיין דאַרף מען שנעל און פּאָרזיכטיק. אזא-אָ טעמפּ, ווי איצט, איז נאָך בא אונדז ניט געווען. אין-די-קאַן לייגט פאָר:

— גיב מיר דײַן רוקזאַק, נעם בא מיר די ביקס.

— ניין, — זאָג איך אים, — בײַטן זיך דאַרף מען ניט.

א שאָ איז א קליינער צײַט-אָפּשניט, אָבער אמאָל קאָן זי דורכלויפן גאַנץ גיך און אמאָל זיך ציִען ווי אן אייבײקײַט. איצט האָט אָט די שאָ, וואָס מיר דאַרפן דורכמאַכן, זיך געצויגן זייער לאַנגזאַם, כאָטש מיר גייען אין א גיכן טעמפּ. אַרום איז שוין קימאַט פינצטער. אין-די-קאַנען זע איך פאַר זיך, ווי א שאָטן, ווי א קאָנטור פון א געהויקערטן מענטשן, כאָטש איך גיי זייער נאָענט פון אים. די לופט ווערט אַלץ געדיכטער, עס פילט זיך, אז אָט באַלד וועט אָנהייבן שיטן א שניי. אַרום איז זייער שטיל, עס הערן זיך בלויז אין-די-קאַנס טריט און כוואַליעס סאָפּען. איך גיי אָפּ מיט שוויס און פיל שוין קימאַט ניט די פיס, א טעמפּע מידקײַט פאַרפולט אַלע איבערים.

— דו הערסט? — שטעלט זיך אף א רעגע אָפּ אין-די-קאַן. — דו הער זיך אײַן, דאָס רוישט דער טײַך, שײַטאַן-שאַמאַן!

לינקס פון אונדז הערט זיך א שטילער, לאַנגזאַמער גערויש פונעם טײַכל. דעם שטראָם קומט אויס, אפּאָנעם, בײַקומען גרויסע שוועלן. אין-די-קאַן איז, ווי שטענדיק, געווען גערעכט: צום קעגנײַבערדיקן ברעג האָט דאָס פײַער זיך ניט געקאָנט דורכרײַסן, און די טײַגע באַקומט איר גע-וויינלעכן קאָליר.

איצט זיצן מיר באַם ברעג און קוקן זיך אײַן אין טײַך, אינעם קליי-נעם טײַכל אור, וואָס איז פול מיט אָנגעוואַלגערטע שטיינער. גרעסערע און קלענערע, האַלב קײַלעכדיקע, שטעקן זיי אַרויס פונעם וואַסער. דער ברעג איז דאָ א פלאַכער. אין-די-קאַן טײַטלט מיטן שטעקן, פונקט ווי ער זאָל ציילן די שטיינער.

— וואָס ציילט איר? — פרעג איך אים.

— איך מערק אָן, ווי אַריבערצושפּרינגען פון איין שטיין אפן צווייטן.

כונזיַ איז שוין אריבערגעשפרונגען אף יענער זײַט און בילט פון דאָרט צו אונדז. אין־די־קאַן שרײַט אף אים:

— צוריק, צוריק, שײַטאַן־שאמאן! אַט וועל איך דיר ווײַזן, וויאַזוי צו פארלויפן דעם וועג! צוריק, צוריק, שײַטאַן־שאמאן!

דער הונט שפרינגט גרינג פון איין שטיין צום צווייטן און איז שוין ווידער לעם אונדז.

— עפשער זאָלן מיר דאָ איבערנעכטיקן? — לייג איך פאָר.

— יאָ, — זאָגט אין־די־קאַן, — ס'וועט שווער זײַן צו שפרינגען מיט די רוקזעק פון שטיין צו שטיין. בעסער דאָס אָפלייגן אף מאָרגן.

מיר זעען, ווי אף יענער זײַט טײַך לעשן זיך די לעצטע סימאָניר פונעם פארגייענדיקן טאָג. דורך די הויכע צעדערס און יעלן שעמערירן שמאָלע פאסן שניי. אפילע דער הימל איז דאָרט העלער, ניט אזוי נעפּל־דיק.

אין־די־קאַן האָט שוין אראָפּגענומען פון זיך דעם זאק, די ביקס. ער ווישט אויס מיטן פוטערנעם היטל דאָס פארשוויצטע פּאָנעם. איך טו דאָס זעלבע.

וויאַזוי וועלן מיר אין דער פינצטער צעלייגן דעם שײַטער? איך פרעג וועגן דעם אין־די־קאַנען.

— יאָ, שײַטאַן־שאמאן! באלד, באלד וועסטו זען, באלד מאכן מיר א שײַטער, באלד קאָכן מיר אָפּ די קרעפּלעך, און מיר וועלן זיך פילן אזוי גוט, ווי אין דער היים, אין קוקאַן.

ער פארשווינדט אין דער פינצטערניש, צו מיר דערטראָגן זיך זײַנע אלץ מער אָפּגעווײַטערטע טריט. אין דער שטילקײַט הערט זיך בוילעט דאָס פליסן פונעם וואסער אינעם טײַך. איין גערויש, א מער הילכיקער — ארום דעם גרעסערן שטיין, אנדערע — ארום די קלענערע שטיינער.

פלוצעם דערהערט זיך עפּעס א טראסק. דאָס קערט זיך אום אין־די־קאַן מיט א גרויסער טרוקענער צווײַג — אפילע אין דער פינצטער האָט ער געפונען דעם געהעריקן בוים, ארופגעקלעטערט אף אים, זיך אָנגע־כאפּט פאר א צווײַג און זי אָפּגעבראָכן.

און אַט זיצן מיר שוין בא דעם שײַטער. די טרוקענע צווײַגן ברענען, טרישטשענדיק, און די פינצטערניש פונדאנען זעט אויס נאָך טיפער, דאָס דרײַפיסל הענגט איבער דעם שײַטער, און די קרעפּלעך קאָכן זיך. דער געשמאקער ריח צעגייט זיך איבער דער גאנצער טײַגע. ניט לאנג צו־

ריק בין איך גרייט געווען זיך אַרייַנוואַלגערן אין שלאָפזאַק, אַט אַזוי ווי איך שטיי און גיי, און אַנשלאָפן ווערן. די מידקייַט האָט מאַמעש געצויגן צו דער ערד. איצט אָבער, ווי נאָר ס'האָט זיך באַוויזן דאָס פייַער פונעם שייַטער, איז געוואָרן פרייַלעכער אפן האַרצן. אין-די-קאַן פּאַרקעט זיך באַם שייַטער, וואַרפט אונטער טרוקענע צווייַגן, און פונקען הייבן זיך אויף אין דער הייך. דערנאָך שאַרט ער צונויף די אָנגעגליטע קוילן, ציענדיק דערבייַ מיט האַנאַע זייַן ציבעק.

כונזייַ האָט הייַנט געבימן זייַן געוויינלעכע פּאָזע, ער ליגט ניט ווייַט פונעם שייַטער, צונויפגעדרייט ווי א בייגל, באַהאַלטנדיק די מאָרדע צווישן די פיס אַזוי, אַז מע זעט זי קוים אַרויס.

דורך דער שייַן פונעם שייַטער זעט מען, ווי ס'פאַלן שיטערע שנייע-לעך, ווייַזט אויס, דער פראָסט האָט א ביסל אָפּגעלאָזט.

זיצנדיק באַם שייַטער, הייבט אין-די-קאַן אָן, צוערשט מורמלענדיק אונטער דער נאָז, ווי פאַר זיך, דערנאָך אַלץ העכער און העכער, זינגען א ליד. פריער איז געווען בלויז דער ניגן, שפּעטער זייַנען געקומען די ווערטער — אָפּגעהאַקטע, צעדריבלטע, קורצע, אַפּגייך אויסגעזונגענע און שוין צום סאָף פאַרצויגענע. כ'האָב זיך באַמיט צו געפינען איין וואָרט, אַן ענלעכס אַף א צווייטס, איין קלאַנג, אַן ענלעכן אַף א צווייטן, נאָר ניט געקענט. סייַ דאָס לאָשן, סייַ די מוזיק זייַנען געווען ניט קיין באַקאַנטע. איך האָב ניט איבערגעשלאָגן, געלאָזט אין-די-קאַנען זיך אויסזינגען. פּלוצעם האָט ער זיך אַליין א כאַפּ געטאָן:

— אײַ, אײַ, אײַ, שייַטאַן-שאַמאַן...

די שנייעלעך פאַלן אַלץ געדיכטער. זיי פאַלן אַף די הייסע צעקאָכ-טע קרעפּלעך און פאַרשווינדן. אין-די-קאַן מאַכט גרעסער דאָס פייַער, קעדיי צו זען, ווי בעסער זיך אייַנמאָסטען אַף באַנאַכט. איינגיכן ליגן מיר שוין אין די שלאָפזעק, נאָר אַנשלאָפן ווערן איז ניט גרינג. אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין מעשעך פונעם טאָג, האָט זיך געדרייט פאַר די אויגן. איך האָב ווידער געזען די פאַרסאַרפּעטע טייַגע און געוואָלט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי זי האָט געברענט, געוואָלט דאָס פאַרגלייַכן מיט דער סרייפע, וועלכע איז פאָרגעקומען באַ אונדז אין שטעטל, ווען די דייַטשן האָבן אָקופּירט אוקראַינע אין דער צייַט פון בירגערקריג.

אין שטעטל איז געווען א גרויסער פּלאַץ, און אינמיטן אַט דעם פּלאַץ — לאַנגע רייען קלייטן, די טירן אַנטקעגן איינע צו די אַנדערע.

ס'האָט זיך געטראָפן, אז א קלייטניק האָט געכאפּט א מויז, זי באגאָסן מיט קעראָסין, אונטערגעצונדן און אָפּגעלאָזט זי לויפן. פון דעם האָט זיך גענומען „די גרויסע סרייפע", ווי מ'האָט זי נאָכדעם אָנגערופן. אינעם שטעטל זײַנען דעמאָלט געווען די דײַטשן, האָבן זיי באלד ארומגערינגלט דעם גאנצן פּלאץ, קיין איין מענטשן צום פײַער ניט צוגעלאָזט, אלץ געשריִען: „אכטונג, אכטונג, אָרדענונג, אָרדענונג!" די שטעטלשע פײַערלעשער מיט די פּעסלעך וואסער און מיט די לעש־מאשינעס זײַנען אויך געשטאנען פון יענער זײַט קייט, וואָס די דײַטשישע סאָלדאטן האָבן געשאפן, — אפילו די באלעבאטים פון די קלייטן און די מענטשן, וואָס זײַנען דאָרטן געווען, בייס עס האָט זיך אָנגעהויבן די סרייפע, האָבן זיי אויך ארויסגעשטופּט אף יענער זײַט קייט, שרײַענדיק: „אכטונג, אָרדענונג, אָרדענונג!". און אזוי, ביז אלע קלייטן האָבן אויסגעברענט, ווי ליכט.

אין מײַן זיכּאָרן איז די סרייפע אין שטעטל פארבליבן, ווי די גרעסטע, וועלכע איז מיר ווען־עס־איז אויסגעקומען צו זען. נאָר דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען דאָ, אין דער טײַגע, איז שווער געווען צו באנעמען. ס'איז אויך שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, וויאזוי האָט דאָס פײַער זיך אנשטילט. דאָס אלץ האָט מיר איצט געעגבערט דעם מויעך, און, ניט קוקנדיק אף דער מידקײַט, האָב איך ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. איך האָב זיך געדרייט פון איין זײַט אף דער צווייטער, פארייכערט און ווידער זיך געדרייט.

— שלאָף, שלאָף, מאָרגן וועט זײַן א שווערער טאָג, — האָט זיך אָנגערופן אין־די־קאָן. און אים דארף מען הערן, אויב ער זאָגט צו א שווערן טאָג, וועט זײַן א שווערער טאָג...

## דער דריטער טאָג

איך בין געלעגן און אלץ ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. נאָר אין־די־קאָנען האָב איך ניט געוועקט. ס'איז געווען שוין האלבע נאכט, ווען פלוצעם האָט כּוזיי זיך צעבילט. אין־די־קאָן האָט זיך אויפגעכאפּט און גלײַך גענומען די ביקס אין האנט. איך בין אויך ארויס פון שלאָפזאק. דער

הונט איז געשטאַנען באַם טײַך און הילכיק געבילט צום קעגנאיבערדיקן ברעג.

— וואָס קאָן דאָס זײַן?

— דער רועך ווייסט וואָס, שײַטאַן־שאַמאַן, — ענטפערט בייז אין־די־קאַן, אײַנקוקנדיק זיך אין דער פינצטער, — איך זע דאָרט קיינעם ניט.

ער פּרוּווט באַרויִקן דעם הונט, נאָר יענער בילט פון מאָל צו מאָל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. נעמט אין־די־קאַן אָן דעם הונט, הייבט אים אויף, ווי אַ בערעמעך האַלץ, טראָגט אים צו זײַן שלאָפזאַק און לייגט אים אַוועק לעבן זיך.

— שלאָף, שלאָף, שײַטאַן־שאַמאַן, — קלאַפּט ער אים איבער דער פּלייצע, ווי מע קלאַפּט צו, ווען מע פאַרוויגט אַ קליין קינד.

מיר האָבן זיך ווידער אײַנגעמאָסטעט אין די שלאָפזעק און זײַנען אַנשלאָפן געוואָרן.

נאָר לאַנג שלאָפן איז ניט אויסגעקומען, כּמעט גלײַך האָט זיך ווידער צעבילט. אונדזער קלייניקער לאַגער איז געוואָרן אומרויִק און וואַך. אין־די־קאַן זאָגט, אַז גלאַט אַזוי, אָן אַ סיבה, וועט דער הונט ניט בילן. נאָר וואָס קומט פאָר אויף יענעם ברעג פונעם רוישיקן טײַכל, ווייסן מיר ניט: די פינצטערניש באַהאַלט אויס פון אונדז דעם סאָד, מיר וועלן זיך דערוויסן ווען אים, אויב ס׳וועט זיך אײַנגעבן, בלויז דעמלט, ווען עס וועט ווערן ליכטיק. אין־די־קאַן צעלייגט אַ ניט־גרויסן שײַטער, מיר זעצן זיך אַוועק אַרום אים, רייכערן און קוקן, ווי די פונקען הייבן זיך אויף אין דער הייך און לעשן זיך דאָרט אויס. דער גערויש פונעם וואַסער אינעם טײַכל איז איצט אייגנטאָניק, די קרוינען פון די צעדערס און סאָסנעס האָבן זיך ווי געסוידעט: שו־שו־שו־שו... דער פראָסט איז שטאַרק, האַגאַם זיצנדיק באַם שײַטער, האָט מען אים ניט געפילט.

די שטימונג בײַ אין־די־קאַנען איז ניט פון די בעסטע. אַלץ, וואָס ער טוט איצט, טוט ער שווײַגנדיק. ער ענטפערט ניט אויף קיין פראַגע און סטאַרעט זיך ניט פאַרפירן קיין שום שמועסן. שווײַגנדיק גייט ער אַוועק אין דער פינצטער און ברענגט נאָך אָנגעבראָכענע צווײַגן, אַ קעסעלע וואַסער, אַפילו דעם הונט האָט ער אויפגעהערט צו זידלען. ניט געקוקט דערויף, וואָס ס׳איז נאָך פינצטער און אַזוי פרי, האָט ער שוין אָפּגעקאָכט דעם פרישטיק און וואַרטער מיר אונטערגעטראָגן דאָס שי־

סעלע. ס'האָט זיך געפילט, אַז ער וויל אַלצדינג אָפּטאָן אין דער פינצ־טער, קעדיי שפּעטער אויסנוצן בעסער די שיין פון טאָג.

ווען מיר האָבן שוין פארענדיקט מיטן פרישטיק, האָט ער פלוצעם געזאָגט:

— באַלד, באַלד וועט ליכטיק ווערן, מע דאַרף זיך איבערקלייבן אַף יענער זייט. ווער ווייסט, ווער ווייסט, שייטאַן־שאַמאַן, וואָס עס וואַרט אַף אונדז...

— דאָס זעלבע, וואָס אַף דער זייט, — זאָג איך, — טייגע, טייגע און טייגע.

— ניין, זאָגט ניט אַזוי. אַז כונזיי בילט, ווייסט ער, פאַרוואָס ער בילט. מיר אָבער קאָנען אים ניט פאַרשטיין.

אַף די שפּיצן פון די ביימער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן העלע שטיקלעך הימל. אין פראָסטיקן פרימאָרגן הייבן אָן בוילעטער זיך אויס־קלאָרן די קאָנטורן פונעם אַרום. קיין האָריזאָנטן זיינען דאָ ניט פאַראַן. די שיין און די ליכטיקייט איז געקומען ווי פון דער הייך, פון די שפּיצן קרוינען, איצט שוין באַשיינטע פון די ערשטע זון־שטראַלן. ס'זעען זיך שוין קימאַט גוט דער קעגנזייטיקער ברעג, די טייגע, וואָס שטייט האַרט בא אים, ווי א וואַנט.

כונזיי איז שוין אין טייך. קונציק שפּרינגט ער איבער פון שטיין צו שטיין. אָט לויפט ער שוין לענגאויס דעם קעגנאיבערדיקן ברעג און בילט, שטעלט זיך אָפּטמאָל אָפּ, שאַרט מיט די לאַפּעס, בילט נאָכאַמאָל און לויפט ווידער, אַרויסקוקנדיק אַף אין־די־קאַנען.

אין־די־קאַן פרווט דערווייל מיט דער הילף פון צוויי שטעקנס איי־נער אליין אַריבערגיין דעם טייך. ער שטעלט זיך אַף א שטיין, טאַפּט אָן די טיפקייט, שפּאַרט זיך אָן אַף די שטעקנס און שפּרינגט איבער אַף א צווייטן. דער שטיין איז גליטשיק, באַוואַקסן מיט א דינן הייטל איַז, אין־די־קאַן האַלט זיך קוים איַן, קעדיי זיך ניט אַראָפּגליטשן אין וואַסער. אַזוי גייט ער אַריבער פון שטיין צו שטיין, און אָט איז ער שוין אַף יענער זייט. ער קוקט זיך גוט איַן אינעם שניי, פונקט ווי ער וואָלט עפּעס גע־זוכט און קאָן ניט געפינען, כאַפּט זיך אָן מיטביידע הענט פאַרן קאָפּ, וואַרפט זיך איבער פון איין פוס אַף דעם צווייטן און שרייט אַף א קאָל אַזוי, אַז איך זאָל דערהערן:

— איַ, איַ איַ! שייטאַן־שאַמאַן! איַ, איַ, איַ, שייטאַן־שאַמאַן!

כונזיי דרייט זיך ארום אין־די־קאַנען, בילט, צעשאַרט דעם שניי מיט די פיס, שמעקט און בילט ווידער.

— וואָס איז דאָרט געשען? — שריי איך צו אין־די־קאַנען.

אין־די־קאַן טוט אין איילעניש א מאַך צו מיר מיט דער האַנט, שרייט עפּעס אויס, נאָר וואָס, פאַרשטיי איך ניט, און ער פאַרשווינדט אין דער טייגע.

איך בלייב אליין אף מיין ברעג.

שוין עטלעכע שאָ, זינט אין־די־קאַן איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און ער קערט זיך אַלץ ניט אום. איך גיי ארום לענגויס דעם ברעג פון טייך, אהין און צוריק, כ'האָב שוין אָנגעטופּעט א שטעגל אין שניי, קוק זיך גוט איין אין דעם אָרט, וווּ אין־די־קאַן איז פאַרשוואונדן, און קאָן בעשום־אויפן ניט פאַרשטיין, וואָס עס קומט דאָרט פאָר. ער איז אוועק מיט דעם הונט און מיט דער ביקס, איבערלאָזנדיק מיך דאָ מיט די זעק.

דערווייל האַלט איך אונטער דאָס פייער אין שייטער מיט אונטערגע־בראָכענע צווייגן, וועלכע כ'האָב געפונען אין דער נאָענט, און ס'ווערט א ביסל היימלעכער.

די זון האָט זיך אופגעהויבן גאַנץ הויך. דער טאָג האָט אויסגעזען צו זיין א שטילער און א פראָסטיקער. איצט, ווען אַלץ איז גוט באַלויכטן, זעט אויס די אָפּגעבראָכענע זייט טייגע ווי א שוואַרצע מאָרעשכוירעדיקע וואַנט.

עס האָט זיך דערהערט דאָס בילן פון כונזייען. אָט זע איך אים שוין אפן קעגנאיבערדיקן ברעג, ער לאָזט זיך לויפן גלייך צום טייך, שפּרינגט פון שטיין צו שטיין, קומט צו צו מיר, דרייט זיך און טאַנצט, פּונקט ווי ער וואָלט מיר וועלן אָנזאָגן עפּעס גוטס, אָנגענעמס. כונזיי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס איך שטיי אזוי גלייכגילטיק, פאַרוואָס איך טאַנץ ניט און שפּרינג ניט צוזאַמען מיט אים.

אינגיכן האָט זיך באַוויזן אויך אין־די־קאַן. א שייַנענדיקער, פאַרוקט ער דאָס היטל אפן שפּיץ קאָפּ און ווישט אָפּ דעם שווייס פונעם שטערן, פאַרייכערט דעם ציבעק און פאַרציט זיך שטאַרק. ער קוקט אף מיר מיט לאַכנדיקע אויגן און שווייגט.

— וואָס זשע איז געשען? — פרעג איך אים.

— אָ! — זאָגט ער. — שייטאַן-שאַמאַן! ניט אומזיסט האָט דער הונט געבילט א גאַנצע נאַכט.

און נאָך א קליינער פאַוזע:

— מע דאַרף וואָס גיכער זיך איבערקלייבן אף יענער זייט ברעג. דו הערסט? וואָס גיכער. מיר וועלן טאָן אזוי. באַלד גיי איך מיט איין זאַק אף יענער זייט, נאָכדעם קער איך זיך אום צוריק אהער, נעם דיין זאַק, גיי ווידער צוריק, און שוין דערנאָך וועל איך קומען נאָך דיר. פאַרשטייסט? — האָט ער גערעדט גיך, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם.

דאָס ערשטע מאָל זע איך אין-די-קאַנען אזוי פאַרשוויצטן און אזוי אימפּעטדיקן. אַלע זיינע באַוועגונגען זיינען שטענדיק געווען געמאָסטענע און רויִקע.

— וואָס זשע איז דאָרט פאָרגעקומען? — פרעג איך נאָכאַמאָל.

אַנשטאָט אַן ענטפער זאָגט ער:

— באַלד, באַלד קער איך זיך אום נאָך דיר.

אין איין אויגנבליק האָט ער א שפּרונג געטאָן פונעם ברעג אפן נאָענטן שטיין, פון אים אף א צווייטן, געוואָלט גלייך א שפּרונג טאָן ווייטער, נאָר דער זאַק מיט דעם בערנפלייש האָט זיך אופגעהויבן אין דער הייך און א קלאַפּ געטאָן אים אונטער די קני אזוי, אז ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין וואַסער אַריין. דער גיכער שטראָם האָט אים באַלד פאַרכאַפּט, נאָר ער האָט זיך גלייך געפונען, אָנגעשפּאַרט זיך אין די שטעקנס און איז אַרוף אף א שטיין, דאָס וואַסער איז אים געווען העכער די קני.

— צוריק! — שריי איך צו אים. — אין-די-קאַן, צוריק!

ער שפּרינגט צוריק, און שוין דאָ, אף אונדזער ברעג, זידלט ער זיך אף א קול:

— דער רועך ווייסט וואָס, שייטאַן-שאַמאַן! אזוי אָנשיקעניש.

אין איין אויגנבליק קריכט ער אַריין אין שלאָפזאַק, זיינע נאַסע מאַלבושים ליגן באַם שייטער און טריקענען זיך. ער בייזערט זיך, און דאָס ערשטע מאָל רעדט ער צו זיך אף נאַניישער לאָשן.

— מע דאַרף אָנברעכן נאָך צווייגן, — זאָג איך, — דאָס אָנטאָן זאָל זיך גיכער אויסטריקענען.

— מע דאַרף מער ניט קיין צווייגן. וואָס זשע, קלייבסט זיך דאָ בעכטיקן? — שרייט ער צו מיר.

ווען כ'קער זיך אום מיט אן אָבערעמעק אָנגעבראָכענע צווייַגן, זע איך, ווי אין-די-קאַן מאַכט, שטייענדיק אין שלאָפזאַק, קליינינקע טריט און טאַפּט דאָס אָנטאָן, פון וועלכן עס גייט א דאַמף.

— צו וואָס דאָס אייַלעניש? איר וועט דאָך קיין נאַסע קליידער ניט אָנטאָן אף זיך? — פּרוּוו איך אים באַרויִקן.

יאָ, מע דאַרף זיך אייַלן. שוין באַלד א האַלבער טאָג אַדורך, און מיר האָבן נאָך קיין איין טראָט פונדאַנען ניט געמאַכט. די זון איז שוין גאַנץ הויך, דער פראָסט איז שטאַרק. די ביימער שטייען באַדעקט מיט פראָסט, די זון באַשייַנט איצט די אָפּגעבראָכענטע זייַט פון דער טייַגע, און זי זעט אויס ניט אַזוי שרעקלעך, ווי נעכטן אין אָוונט און ווי הייַנט גאַנצפרי. אַרום איז שאַ-שטיל, בלויז דער וואַסער-שטראָם רוישט צווישן די שטיינער-שוועלן. אין-די-קאַן הייבט אָן זיך אָנטאָן, כאָטש די מאַלבושים זייַנען נאָך פייַכט.

מיר באַשטימען, אַז שפּרינגען פון שטיין צו שטיין דאַרף מען אָן די זעק, מיר וועלן זיי איבערוואַרפן איינער צום צווייטן פון שטיין צו שטיין. אין-די-קאַן שפּרינגט דער ערשטער. איך צעהוידע דעם זאַק אינדערלופטן, דערנאָך וואַרף איך אים אין-די-קאַנען. שפּרינגען אָן די זעק איז זיכערער. כּוֹח דעם, כאַפּט מיך אין-די-קאַן אונטער. אַזוי קלייַבן מיר זיך איבער אף יענער זייַט טייַך. דאָ פּרוּוו איך זיך דערוויסן, וואָס עס איז פּאַרט געשען באַנאַכט, נאָר אין-די-קאַן נעמט ווידער זיך אייַלן.

א שטיקל צייַט זייַנען מיר געגאַנגען נאָך די שפּורן פון אין-די-קאַנס טריט, וואָס ער האָט געמאַכט אינדערפרי, דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעריסן, און מיר זייַנען אַוועק אַלץ מער אף רעכטס. פון אין-די-קאַנען בין איך איצט ניט אָפּגעשטאַנען, געגאַנגען נאָך אים טראָט בײַ טראָט, נאָר אין מויעך עגבערן פראַגן, אף וועלכע איך קאָן ניט געפינען קיין ענטפער. נעכטן אין אָוונט זייַנען מיר אַוועק אף רעכטס, קעדיי אויסמייַדן די אָפּגעבראָכענטע טייַגע. ווען מיר זייַנען אַריבער דעם טייַך, האָבן מיר באַדאַרפט גיין אף לינקס, דאָס הייסט אף צאָפן, ווו ס'ליגט אונדזער מאַרשרוט. נאָר איצט גייען מיר נאָכאַמאָל אף רעכטס, ס'וואָלט געהייסן — אף מיזרעך, נאָר לויט דער זון זע איך, אַז מיר גייען אף דאָרעם, פונקט ווי אף צוריק-וועגס. מיט אַזאַ-אָ טעמפּ אין אַזאַ אייַלעניש גייען מיר דאָס ערשטע מאָל. פון טראָט צו טראָט ווערט מיר שווערער צו שלעפּן די פיס, עס לאָזט זיך פילן די שלאָפּלאָזע נאַכט.

איך לייג פאַר אין־די־קאַנען מאכן א קליינעם איבערײַס. שוין וויפל שאַ, אז מיר האָבן ניט גערייכערט.

— באַלד, באַלד, שײַטאַן־שאמאַן! אינגיכן וועלן מיר זיך אָפּ־שטעלן, — ענטפערט ער אינמיטן גאַנג.

איך פרעג אים, צי ער ווייסט, אז מיר גייען אַף צוריק.

— ס'איז אַלציינס, וויאַזוי צו גיין, — ענטפערט ער, — אבי קומען קיין קוקאַן.

ניין, היינט נאָכגיין אין־די־קאַנען איז אומעגלעך. ער גייט ניט — ער פליט. ווי שטענדיק, שטעלט ער די טריט אַף דער ברייט פון זײַנע פּלייצעס, וואַרפט זיך איבער פון איין אַקסל צום צווייטן און שלינגט, שלינגט קונציק דעם מעהאַלעד.

— ניין, איך מוז זיך צוזעצן, איך קאָן אײַך ניט נאָכלויפן... — זאָג איך.

— באַלד, באַלד. זעסט אָט יענע מאַרעווע?[1] דאָרט וועלן מיר זיך צוזעצן.

בא די ווערטער וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך אפגיך דעם זאַק און לויפט אוועק פאָרויס. דער הונט הייבט אָן בילן. ס'דערהערט זיך באַלד א שאָס, נאָך אים נאָך איינער. פונדערווײַטן זע איך, ווי דער הונט האָט זיך אײַנ־געהריזעט מיט די ציין אין קאַרק פון עפּעס א שוואַרצער כײַע. א ווילדער קאַבאַן! אין־די־קאַן איז געלאָפן זייער גיך, האַלטנדיק אין איין האַנט די ביקס, אין דער אַנדערער דאָס יעגער־מעסער. ער איז צוגעלאָפן צום קאַ־באַן און צוויי מאָל אים א שטאָך געטאָן מיטן מעסער אין בויך.

דער הונט איז אַראָפּ פונעם קאַבאַן, זיך אוועקגעלייגט אין א זײַט און אָנגעהויבן שטיל סקוליען. אין דער לעצטער רעגע, שוין א פאַרווונ־דעטער פון די צוויי קוילן, האָט דער קאַבאַן מיט זײַנע קליקעס צעריסן דעם הונט די פעל אפן בויך.

אין־די־קאַן איז א ווײַלע געשטאַנען, ווי א פאַרלוירענער, ניט גע־ווּסט וואָס פריער צו טאָן. נאָר זײַן פּאָנעם האָט געשמייכלט, און פון אָט דעם שמייכל האָבן זײַנע אויגן אויסגעזען נאָך קלענער. ער האָט צו־געטופּעט מיט די פיס, פונקט ווי ער וואָלט זיי געוואָלט אָנוואַרעמען אַף דער קעלט, כאָטש ער איז געווען אינגאַנצן פאַרשוויצט. ער איז אוועקגע־לאָפן נאָך דעם זאַק, וועלכן ער האָט אוועקגעוואָרפן ניט ווײַט פונדאַנען,

[1] מ א ר ע ו ע — ניט קיין גרויס פעלד אין טײַגע, א ניט באוואַקסנס מיט ביימער.

אינגיכן זיך אומגעקערט, אוועקגעלייגט אים באנאנד מיט דער ביקס, א קוק געטאָן אויף מיר און נאָך א גרעסערער פּאוזע געפרעגט:

— וואָס שטייסטו ווי אן איסטוקאַן?

איך האָב בעעמעס אליין געפילט, אז מיין אויסזען דאַרף בא אין־די־קאַנען ניט ארויסרופן קיין באגייסטערונג. כ׳האָב נאָך אלץ ניט געקאָנט באנעמען, וואָס עס איז פאָרגעקומען, אָנהייבנדיק פון באנאכט, ווען דער הונט האָט אָנגעהויבן בילן, און פון אינדערפרי, ווען אין־די־קאַן האָט מיך פארלאָזט און איז פארשוואונדן אין דער טייגע. דאָס איילעניש און ליפּע־ניש האָט געבראַכט צו אָט דעם שווארצן גלאנצנדיקן קאַבאַן, וועלכער ליגט איצט אויסגעצויגן אויף דעם עטוואָס בלוילעכן שניי.

אין־די־קאַן האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פּעלץ און געבליבן אין איין פוטערנער זשיליעטקע. ער האָט פארקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען פארן קאַבאַן. מיט געניטע באוועגונגען האָט ער אויפגעשניטן דעם בויך אין דער לענג. א געדיכטער קנויל דאַמף האָט באַלד פארפולט דעם פּראָסטיקן ארום. צווישן די געדערים פון דער כייע האָט אין־די־קאַן קונציק אָנגעטאַפּט און אויסגעשניטן דאָס האַרץ. איצטער האַלט ער עס אין דער לינקער האַנט, נעמט דאָס אָן פאַר איין עק מיט די ציין, און מיטן מעסער, וואָס ער האַלט אין דער רעכטער האַנט, שניידט ער אָפּ א שטיקל, וואַרפט עס אַריין אין מויל אַריין און קייט זייער גיך, פארכלינענ־דיק זיך אזש. מיך עקלט פונעם קנויל דאַמף, פונעם רייעך פון דעם פרישן בלוט און הייסן, רויען פלייש. אין־די־קאַן גייט צו מיר צו נאָענט און דערלאַנגט מיר א שטיקל האַרץ:

— עס, עס, ווער עס עסט דאָס האַרץ פון א כייע רויערהייט, וועט אליין זיין געזונט, ווי א כייע, שיטאַן־שאַמאַן.

איצט נעמט זיך אין־די־קאַן פארן הונט. ער האָט זיך צוגעזעצט, די פיס אויסגעצויגן פאַרויס און דעם הונט אוועקגעלייגט אויף די קני. כונזיי איז געלעגן שטיל. ערגעץ פונעם היטל האָט אין־די־קאַן ארויסבאקומען א פארטריקנטן אָדער פון דער כייע, א ביינדל פון א פיש — דאָס אלץ האָט אים געדינט פאַר א נאָדל־פאָדעם. ער האָט גענומען צונויפניייען די פעל בא כונזייען, מורמלענדיק דערביי עפּעס אויף נאַנייִש. דערנאָך איז ער אַריבער אויף זיין צעבראָכענעם רוסיש.

— כונזיי, שיטאַן־שאַמאַן! וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן: פאַר־לויף ניט דעם וועג דער קויל. איך האָב דאָך געקאָנט נאָך איין מאָל

אויסשיסן, ניין זשע, ביסטו פארלאָפן דעם וועג. נו? וואָס זשע האָט זיך באַקומען? דו זעסט, נארעלע וואָס דו ביסט, דו ליגסט מיט א צעבראָ־סטעטן בויך. א דאנק גאָט דערפאר, ס'האָט געקאָנט זײַן נאָך ערגער, שײַטאַן־שאמאַן. וואָס וואָלט מען דעמלט געטאָן? אָט וואָס פאר א נאַרי־שער הונט דו ביסט! ווען וועסטו זיך שוין אויסלערנען גיין אף א כײַע? ביסט שוין אלט גאנצע דרײַ יאָר! אך, שײַטאַן־שאמאַן! סאָרא סטאַדע קאַ־באנעס דאָס איז געווען! נאָר מער שיסן האָב איך ניט געקאָנט, שײַטאַן־שאמאַן! דו האָסט זיך א וואָרף געטאָן אף דעם וועג פון דער קויל...

ביזוואנען אין־די־קאַן איז געווען פארנומען מיטן קאבאַן, בין איך ארײַן אין שלאָפזאק, זיך א וואלגער געטאָן אפן שניי און גלײַך אנשלאָפן געוואָרן. אָבער לאנג רוען איז ניט אויסגעקומען. איך האָב געעפנט די אויגן און דערזען, אז אין־די־קאַן האָט דעם קאבאַן צוגעבונדן צו די עקן פון א גרויסער צווײַג און אליין זיך אײַנגעשפאנט אין איר, פרווונדיק, וויאזוי ער וועט זי שלעפן איבער דער טײַגע. די צווײַג מיטן קאבאַן האָט אויסגעזען ווי א יעגערשע „ראַגאַטקע".

— וויפל קאָן וועגן אָט דער קאבאַן? — בין איך נײַגעריק צו וויסן.

אין־די־קאַן נעמט אָן די כײַע פאר צוויי לאפעס — א פאָדערשטער און א הינטערשטער, גיט זי א טרייסל אין די הענט און לייגט צוריק אוועק זי שווײַגנדיק. סע הייסט: נאָך אזא קאבאַן האָט געלוינט זיך יאָגן א גאנצן טאָג...

מיר האָבן אפגיך געמאכט טיי און פארביסן מיט גאלעטן און שאָ־קאָלאד. אין־די־קאַן האָט זיך אײַנגעשפאנט אין זײַן „ראָגאַטקע", און מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט ווײַטער. איצט איז ער שוין געגאנגען ניט אזוי מונטער, ווי פריִער, די „ראָגאַטקע" איז געווען א שווערע. איך האָב אויך א פרווו געטאָן, נאָר דערפילט, אז כאָטש עס איז שנייִיק און פראָסטיק, וועל איך מיט דער לאַסט זיך ניט ספּראווען. מיך האָט נאָך אלץ געמאַ־טערט די מידקײַט. כּונזײַ איז שוין היינט ניט געלאָפן פאָרויס פאר אלע־מען, ניט געשפּרונגען אהין און צוריק, נאָר געגאנגען טראָט בא טראָט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. זײַן עק האָט זיך ניט געדרייט ווי א בייגל.

פארנאכט האָבן מיר זיך דערקליבן צו אן אָנגעטאָפּטשעט אָרט. אין־די־קאַן האָט מיר א ווײַז געטאָן אף דער ערד:

— דו זעסט, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן?

אף א גרויסן שעטעך איז דער שניי געווען מאמעש אויסגעאקערט פון קאבאנישע פיס, בלויז ערטערווייז איז די ערד באדעקט מיט א דינן אייז-הייטל. דא זיינען געלעגן ווארעמע קאבאנישע בייכער. וועגן דעם, וואס עס האט זיך דא געטאן נעכטן אין אוונט, האבן מיר ניט געוווסט, נאר כּוֹנזיי האט מיט זיין הינטיישן כוש אלץ דערשמעקט, וועגן אלץ געוווסט, ניט געקאנט אונדז בלויז דערציילן. עס האט אונדז אפגעטיילט פונדאנען די פינצטערניש און דאס רוישיקע טייכל.

מיר זיינען איצט געגאנגען לענגויס דעם טייכל א פאר שא, ביז מיר האבן געפונען א פאסיק ארט צו איבערנעכטיקן. אף לינקס פון אונדז האט זיך נאך אלץ געזען די אפגעבראכטע זייט פון דער סאפקע. מיר האבן אופגעהאנגען אונדזערע זעק אף די צווייגן, פארמאסקירט דעם קאבאן, וועלכער קאן איצט זיין א פרימאנקע פאר אן אנדער כייע. ווען מיר האבן גענומען איינמאסטען אונדזערע געלעגערס, אפגעגעסן און פארטרונקען מיט טיי, האבן מיר באמערקט, אז דער פראסט איז געווארן לינדער און ס'האט אנגעהויבן שיטן א שיטערער שניי.

אין-די-קאן איז פון דעם געווארן פארזארגט. ער האט באקוקט נאכאמאל דעם ארום, פארווארפן דעם קאפ אין דער הייך און פארגעלייגט, מיר זאלן זיך איבערקלייבן פונדאנען העכער און טיפער אין דער טייגע, ווייל דא איז, לויט זיין מיינונג, צו אן אפן ארט: אויב דער שניי וועט גיין לאנג, קאנען מיר פארפאלן ווערן, עס וועט אונדז פארשיטן.

מיר נעמען אונדזערע זעק. אין-די-קאן שפאנט זיך איין אין דער „ראגאטקע", און מיט שווערע טריט הייבן מיר זיך אוף העכער אין דער טייגע.

די אפגעבראכטע זייט פון דער סאפקע זעען מיר שוין קימאט ניט. עס פארשטעלן זי דיביימער און די גיך צוגעפאלענע טונקלקייט. אפן נייעם ארט מאסטעט אין-די-קאן ווידער איין דעם קאבאן, פארמאסקירט אים.

מיר קריכן אריין אין די שלאפזעק און ווערן באלד אנשלאפן.

## דער פערטער טאָג

א גאַנצע נאַכט האָט געשנייט, און ווען מיר האָבן פאַרטאָג אַרויסגע־קוקט פון די שלאָפזעק, האָט מען די שפּיצן פון די צעדערס און פון די יעלן ניט אָנגעזען — זיי זײַנען געווען פאַרהילט אין א ווײַס־גרוי רויכל. צו דער ערד־צוזײַנען די שנייעלער געפאלן ווי ניט ווילנדיק, די צווײַגן זײַנען געווען אַזוי פאַרשאָטן, אז ס׳האָט זיי אַראָפּגעצויגן צו דער ערד. פון צײַט צו צײַט, ווי איבערופנדיק זיך דורך דער שטילקײַט, טוט א קלאַפּ א גאַנצע הרודע שניי, ניט אויסהאַלטנדיק די אייגענע לאַסט. דעמלט טוט די צווײַג א ציטער, פאַרכאַפּט א צווייטע, און אַזוי, פון דער הייך ביז דער נידער, באַפרײַט זיך דער גאַנצער בוים פון דער מאַסע.

כונזײַ פּרוּווט א שפּרונג טאָן, נאָר פאַרזינקט אַזוי, אז מ׳זעט אים קוים אַרויס. ער קערט זיך אום צוריק און לייגט זיך ווידער אַוועק צווישן אונדזערע שלאָפזעק.

אין־די־קאַן קריכט אַרויס פון זײַן שלאָפזאַק, טרייסלט פון אים אָפּ דעם שניי און לייגט אים צונויף.

— וואָס וועלן מיר טאָן? — פרעג איך.

— מע דאַרף איבערוואַרטן, דער שניי זאָל אויפהערן און זאָל זיך אײַנלייגן.

— וויפל קאָן עס דויערן?

— ווער ווייסט, ווער ווייסט, שײַטאַן־שאַמאַן!

אין־די־קאַן גייט אַוועק און זאָגט מיר שטרענג אָן, איך זאָל זיך ניט רירן פון זײַן אָרט. גלײַך שלינגט אים אײַן די נעפּלדיקע מאַסע. איך שרײַ צו אים, ער זאָל זיך ניט פאַרבלאָנדזשען.

— וואָס הייסט פאַרבלאָנדזשען, וואָס איז דאָס, א גרויסע שטאָט? אין דער טײַגע קאָן מען ניט פאַרבלאָנדזשען! — ענטפערט ער פון נעפּל.

עס געדויערט טאַקע ניט קיין סך צײַט, אין־די־קאַן קערט זיך אום און זאָגט, אז קיין בעסער אָרט, ווי דאָס, וווּ מיר געפינען זיך איצט, דאַרף מען ניט: ס׳איז גוט באַשיצט פון ווינט.

די זאַווייע האָט זיך צעהוליעט ניט אויף קיין קאַטאָוועס.

— מע דאַרף מאַכן א שאַלאַש, און וואָס גיכער, שײַטאַן־שאַמאַן! —

אין-די-קאָן איז איצט אַזוי ערנסט, ווי קיינמאָל ניט פאַר דער צייט, וואָס מיר גייען צוזאַמען.

ער קריכט אַרויף אַף אַ גרויסער יעל און ברעכט אָן צווייגן. איך שלעפּ זיי צו דעם אָרט, וווּ מיר וועלן אויפשטעלן דעם שאַלאַש. מאַכן אַ טראָט מיט אָן אָבערעמעק צווייגן איז איצט ניט פון די לייכטע זאַכן. דער שניי פאַרשיט די אויגן, מע זעט ניט וווּהין צו גיין. נאָר צווייגן ליגן שוין איצט אַף איין אָרט אַ סאַך, און אַלע אינאיינעם זעען זיי אויס ווי אַ סטויג היי. אין-די-קאָן קריכט אַראָפּ פונעם בוים, באַקוקט דעם באַרג אָנגעבראָכענע צווייגן און זאָגט, אַז בוי-מאַטעריאַל איז שוין פאַראַן גענוג.

מיר צעלייגן אַ שייטער, די צוגעגרייטע פון אָוונט טרוקענע צווייגן זיינען פונקט צו דער צייט.

מיט בינטלעך צווייגן אין די הענט קערן מיר אָפּ דעם פרישן אָנגעפאַלענעם שניי, ביז עס באַווייזט זיך אַן איינגעלעגענער שיכט. אָט דעם איינגעלעגענעם שניי שניידט אין-די-קאָן מיט זיין יעגערישן מעסער אַף בלאָקן, און פון זיי לייגן מיר צונויף ווענט. פיר ווענט, וואָס שאַפן אַ צימער אַף צוויי שלאָף-ערטער. פאַראַן אויך אָרט פאַר ניט קיין גרויסן שייטער. קעדיי די ווענט זאָלן זיין שטאַרקער, באַגיסן מיר זיי מיט וואַסער פונעם צעגאַנגענעם שניי.

די ווענט שטעלן מיר אַזוי, אַז אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג אין שאַלאַש זאָל זיין דער שטאַם פון אַ צעדערבוים, אַף וועלכן מיר הענגען אויף דעם קאַבאַן. אינווייניק, אַף אַ ברייטער צווייג, וואָס שאַפט אַ מין סטעליע, וואַרפן מיר אָן אַ סאַך קלענערע און גרעסערע צווייגן — אַלץ, וואָס עס איז געבליבן פונעם בוי-מאַטעריאַל.

ערשט איצט, ווען מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו פאַררייכערן, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז געאַרבעט האָבן מיר גיך, ניט באַמערקנדיק דעם פאַלנדיקן שניי. נאָר אויב גאַנצפריי איז ער געווען אַ שטילער און געדיכטער, האָט איצט געהוליעט אַזאַ זאַווייע, אַז קיין באַזונדערע שנייעלעך זעט מען שוין ניט, אַ ווייסע געדיכטע מאַסע דרייט זיך פאַר די אויגן און פון ערגעץ נאָענט דערטראָגט זיך אַ טויבער געברום און אַ פייפן.

דער שאַלאַש איז שוין פאַרטיק, דער אַריינגאַנג — פאַרוואַלגערט מיט צווייגן. מיר טראָגן אַריבער אין אים דעם שייטער פון דרויסן. די קוילן רויך דערגרייכן ביז צו דער סטעליע און זיפן זיך אויס אינדער-

לופטן. פון צייט צו צייט גיט זיי דער ווינט א קלאפ אף צוריק, זיי שוועבן אום א ביסל אין שאלאש און פארשווינדן.

...איצט, ווען מיר האבן שוין אפגעפרישטיקט, דאס ערשטע מאל אין שאלאש, האבן מיר שוין, דוכט זיך, ניט קיין שום דייגעס. מיר רייכערן און הערן זיך איין, ווי אין דרויסן בלאזט און וואיעט די זאווערוכע. מע דארף זיך גוט איינקוקן און צוגעוווינט ווערן, קעדיי צו זען אין דער פינצטערניש עפעס-וואס. אין-די־קאן גייט ארויס פון שאלאש און קערט זיך אינגיכן אום, האלטנדיק אין דער האנט א גראבע צווייג. ער נעמט דעם מעסער, הייבט אן שניצן און זאגט:

— מיר וועלן באלד עלעקטריפיצירן דעם שאלאש, שייטאן-שאמאן!

בא דער קנאפער שיין פונעם קליינעם שייטער האט ער גיכער, ווייזט אויס, דערשפירט מיט די פינגער, ווי דערזען מיטן אויג, אז ס'האט זיך שוין איינגעגעבן אים צו אויסדויבען פון דער צווייג א מין טעפעלע. א שטיקל פעטס פון דעם קאבאן, אויסגעפרעגלט אין קעסעלע, וווּ מיר קאכן דאס פלייש, א פאר שטריקלעך פונעם זאק, צונויפגעדרייטע, ווי א קנויט, — און דער שאלאש ווערט באלויכטן, און ס'באווייזט זיך דער גוטער, צופרידענער שמייכל אף אין-די־קאנס פאנעם.

— גוט, שייטאן-שאמאן! — איז ער אליין צופרידן און נעמט זיך ווידער צו דער ארבעט — ער מאכט נאך איין קאנעצל, שטעלט דאס אוועק אין א צווייטן ווינקל, אנטקעגן דעם ערשטן, און אין שאלאש ווערט נאך ליכטיקער.

ווי געדיכט די סטעליע פון אונדזער שאלאש זאל ניט זיין באדעקט און ווי ראיעל דער ארייננגאנג זאל ניט זיין פאר־שטאפט מיט יעלן און צעדער-צווייגן, — סיי־ווי־סיי בלאזט דער ווינט אריין. פריער האבן מיר דאס בלויז געפילט, איצט זעט מען עס לויט די פלאטערנדיקע פלעמלעך פון די קאנעצלעך.

פון דער שיין אין שאלאש ווערט פרייליכער אפן הארצן. דער שייטער, וועלכן מיר האלטן אונטער מיט טליענדיקע קוילן, מאכט אונדזער וווינונג היימלעך. אין דער טייגע איז שוין איצט ניט קיין שנייפאל, נאר א גרויזאמער בוראן. מיר ליגן אף די געלעגערס אין די שלאפזעק און ריידן וועגן וואס נאר עס קומט אפן געדאנק. איך דערצייל אין-די־קאנען א סאך פון דעם, וואס איך האב געלייענט אין ביכער. אים זיינען געפעלן

באָקאַטשיאָ און שאָלעם-אַלייכעם. אַליין האָט ער געלערנט די אויסיעס פון נאַניייש און פון רוסיש. אָבער ביכער זיינען פאַראַן בא אים געציילטע. שפּעטער פרעג איך אים, וויפל מאָל ער איז געגאַנגען פון קוקאַן ביז אין.

— וויפל מאָל, וויפל מאָל, — ענטפערט ער, — ווער האָט דאָס געציילט? א סאַך, א סאַך מאָל, זייער א סאַך מאָל, שייטאַן-שאַמאַן! אָנגעהויבן גיין האָב איך, ווען איך בין געווען נאָך א יינגל. און איצט בין איך דאָך שוין באַלד אַלט פופציק. ס'זיינען געווען ווינטערס, ווען מע איז געגאַנגען צו עטלעכע מאָל.

— האָט אַמאָל אייך געטראָפן אַזא בוראַן אין וועג? — פרעג איך.

— ס'האָט געטראָפן, געטראָפן, שייטאַן-שאַמאַן! ס'האָט אַלץ געטראָפן, ס'זיינען געווען בוראַנען און נאָך שרעקלעכערס פון בוראַנען, — ער האָט גענומען זיך גוט איינמאָסטען און אָנשטאָפן דעם ציבעק מיט פרישן טוטין.

כונזיי איז געלעגן צווישן אונדז און געדרעמלט, פון צייט צו צייט זיך אופגעכאַפּט, געגענעצט און שטיל געסקוליעט. דער ווייטיק האָט אים, ווייזט אויס, ניט אָפּגעלאָזט.

אין-די-קאַן האָט גערייכערט זיין ציבעק, זיך שטאַרק פאַרצויגן, געהוסט. ס'האָט זיך געפילט, אַז ער איז ערגעץ ווייט פונדאַנען מיט זיינע געדאַנקען.

— אָך, אָך! ווי די צייט לויפט! — האָט ער אָנגעהויבן און געמאַכט א לאַנגע פּאַוזע. — ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן?

ער איז אַרויס פונעם שלאָפזאַק, צורעכט געמאַכט דאָס קנייטל אין קאָנעצל, זיך ווידער איינגעמאָסטעט אין שלאָפזאַק און פאַרגעזעצט:

— ווער וואָלט זיך איינגעשטעלט מיט א יאָר צען צוריק גיין איבער דער טייגע מיט א זאַק געלט? ווען מע לייגט מיר דעמאָלט פאַר אַזא זאַך, וואָלט איך געזאָגט: צעשיסט מיך פריער דאָ אופן אָרט, איידער גיין מוטשען זיך, מע זאָל דיך, דער רועך ווייסט ווו, אומברענגען, אַזוי אַז קיינער וועט ניט וויסן ווו דיין געביין איז אהינגעקומען, שייטאַן-שאַמאַן!

— איר האָט דאָך געזאָגט, אַז אין דער טייגע קאָנען זיך ניט טרעפן א מענטש מיט א מענטשן, נאָר א מענטש מיט א כייע.

— יאָ, יאָ, שייטאַן-שאַמאַן! ניט שטענדיק, ניט שטענדיק, נאָר ס'האָט זיך געטראָפן. ס'איז זייער ניט קיין שיינע געשיכטע. — ער פאַר-

צייט דעם צייבעק, קוקט זיך איין אין דער ווייט, פונקט ווי ער וואלט פון דארט דערזען דאס, אין וואס ער האט זיך דערמאנט.

— פריער, — נעמט ער דערציילן, — ביז עס האט זיך איינגעשטעלט אין אונדזערע קאנטן די ראטנמאכט, זיינען מיר, גאלדן, נאנייער הייסט עס, געווען זייער אן ארעם פאלק, מיר האבן זיך פארנומען מיט פישפאנג, יאגד און זייער ווייניק מיט ערדארבעט. דאס סאמע וויכטיקסטע איז, פארשטייט זיך, געווען יאגד. ווינטער-צייט, ווען ס׳האט זיך איינגעשטעלט דער וועג, פלעגן אונדזערע מענטשן גיין אף די גרויסע מערק קיין אין. אהין פלעגן קומען סאכרים פון כאבאראווסק, בלאגאווע-שטשענסק און אפילע פון וולאדיוואסטאק און אפקויפן דאס פוטער, דעריקער וועווערקעס, נאר אויך ציגן, בערן און הירשן. עס פלעגן זיך צונויפנעמען עטלעכע מישפאכעס אינאיינעם, אנגעלאדענע מיט פוטער, און צוריק פלעגט מען טראגן אלץ, וואס מע האט געדארפט צום לעבן: צוקער, זאלץ, קליידונג, נאדלען, וואלוועלע צירונג, יעגערישע כפייצים, נאפט, לעמפ און אנדערע זאכן. אנגעלאדענע מיט גרויסע און שווערע פעק, זיינען די גאלדן געגאנגען זיבן, אכט און עפשער אמאל נאך מער טעג.

די קוקאנער טרישווים האבן קיינמאל ניט געוואגט פארן מיט זייער פוטער אין די גרויסע שטעט — זיי האבן שלעכט גערעדט רוסיש, קוים געקאנט איבערציילן דאס, וואס זיי האבן באדארפט באקומען פאר זייער סכוירע. זיך געשראקן פארן הודאק פון א פאראוואז, מוירע געהאט זיך זעצן אין צוג. די אנגעפארענע רוסישע סאכרים פלעגן זיי באאוולען און אפנארן. צוויי מאל אפנארן: צוערשט באם קויפן דאס פוטער און דערנאך — באם פארקויפן פארשיידענע סכוירעס, באם אפוועגן און אפמעסטן. אליין זייער ערלעכע, האבן די נאנייער געמיינט, אז אלע אנדערע דארפן אויך זיין אזעלכע. איז אט, איינמאל האבן זיך צונויפגעקליבן עטלעכע מישפאכעס, און מע האט זיך געלאזט קיין אין. ווען זיי זיינען געקומען צו דעם „טיגער-זומפ“, ווי מע רופט דאס ארט, פון דארטן ביז אין איז נאך געבליבן א טאג גאנג, — האבן זיי געשטעלט א ביידל, צעלייגט א שייטער און גענומען זיך איינארדענען אף נאכטלעגער. פלוצעם האבן זייערע הינט אנגעהויבן בילן, און אינגיכן האבן זיך באוויזן סאכרים, וועלכע האבן טאקע דא, באם שייטער, צעלייגט סכוירעס, אנגעהויבן זיי לויבן, און די פרייזן, ווי ס׳האט זיך געדוכט די נאנייער, זיינען געווען גאר ביליקע. וואס פאר א סכוירעס די סאכרים האבן ניט

ארויסגענומען פון זייערע זעק, איז דאָס אַלץ געווען אַזוינס ווי אַזעלעכס, וואָס מע האָט זעלטן-ווען געזען אַף די מערק און יאַרידן.

אין-די-קאַן איז ארויסגעקראָכן פונעם שלאַפזאַק, אָנגעהויבן מאַכן פאַרשיידענע באַוועגונגען מיט די פאַרגליווערטע פון ליגן אַף איין אָרט הענט און פיס. ער האָט אָפּגעשטופּט די „טיר“ און איז ארויס אין דרויסן. פון דאָרט האָט א גאַנצער שטראָם שניי זיך אַרײַנגעטראָגן אין שאַלאַש, פאַרלאָשן די קאַנעצן. די „טיר“ האָט זיך ווידער פאַרמאַכט, ס׳האָט זיך נאָר געהערט דאָס וואָיען פון דער וויוגע.

אין-די-קאַן האָט מיט געמאָסטענע באַוועגונגען — ס׳איז ניטאָ וווּהין זיך צו אײַלן, — צוגעשפּאַרט באַלעבאַטיש די „טיר“, אָנגעצונדן די קאַנעצן. איך האָב זיך פאַרנומען מיטן שײַטער, און אין שאַלאַש איז געוואָרן פרייליכער. אַזוי ווי דער שניי האָט פאַרשאָטן די צווײַגן פונעם דאַך און דער רויך האָט ניט געקאָנט זיך דורכשלאָגן דורך אים, האָט מען באַדאַרפט מאַכן ספּעציעל א לאָך אין ווינקל.

— אין דרויסן קאָן מען די אייגענע נאָז ניט זען, שײַטאַן-שאַמאַן! ווען א הירש וואָלט דורכגעלאָפן לעם דיר, וואָלסטו אים אפילע ניט באַמערקט, אַזוי דרייט דאָרטן.

איך בין געלעגן אין שלאַפזאַק און מיט אומגעדולד געוואַרט, ווען וועט אין-די-קאַן זיך אומקערן צו דער געשיכטע, וואָס איז פאַרגעקומען בא דעם „טיגער-זומפ“.

און ער האָט לאַנג ניט געלאָזט זיך בעטן:

— די נאַנײַער זײַנען געווען צופרידן, וואָס זיי קאָנען יעדע זאַך אָנטאַפּן מיט די אייגענע הענט, א מעסט טאָן די ברייט, די לענג. און נאָך מער זײַנען זיי געווען צופרידן, וואָס, ווי ס׳האָט זיך זיי געדאַכט, די פרײַזן זײַנען געווען ניט קיין הויכע. איינער אַן אַלטער נאַנײַער האָט אפילע ארויסגעזאָגט, ווי אין א שפּאַס, א כשאַד, צי די סכוירעס בא די סאָכרים זײַנען ניט קיין געגאַנוועטע. די סאָכרים האָבן זיך באַליידיקט, צונויפגענומען צוריק די סכוירע — און אויס יאַריד. דערנאָך איז מען נאָך אַלץ געזעסן באַם שײַטער, די סאָכרים האָבן זיך געשווירן און אפילע זיך געציילעמט, אַז דאָס איז אַלץ קאָשערע סכוירע. הײַנט פאַרוואָס זשע לאָזן זיי אַראָפּ די פרײַזן, איז דאָס דערפאַר, ווײַל זיי ווילן ווײַטער, צו די נאַנײַישע סטויבישטשעס, ניט גיין. און דער האַנדל האָט ווידער אופגעלעבט. די נאַנײַער האָבן, פאַרשטייט זיך, נאָך קיין געלט

ניט געהאט, האָבן זיי געטוישט פּוטער אַף סכוירע. און שטעל זיך פֿאָר: וויפֿל די נאַנײַער האָבן געבעטן פֿאַר דעם פּוטער, אַזויפֿיל האָבן די סאָכרים געצאָלט! מע האָט זיך ניט געדונגען, ניט געקלאַפּט אין די הענט, ווי עס פֿירט זיך אַף אַלע מערק און יאַרידים. און אָט דאָ הייבט זיך אָן די טראַגעדיע, וואָס איז געשען בא דעם „טיגער־זומפּ", — האָט קימאַט אויסגעשריגן אין־די־קאַן, און ער איז אַנשוויגן געוואָרן.

אַזוי האָט געדויערט אַ שטיקל צײַט, ס'האָט זיך מיר ניט געוואָלט אינטעררײַבן דעם געשפּרעך, בין איך אויך געלעגן און געשוויגן, אײַנהערנדיק זיך אין דער וויגע.

— ווען דער האַנדל האָט זיך פֿאַרענדיקט, — האָט פּלוצעם ווי זיך אופגעכאַפּט פֿון שלאָף אין־די־קאַן, — זײַנען אַלע געזעסן צופֿרידענע לעבן דעם שײַטער, סײַ די סאָכרים, סײַ די נאַנײַער. און דעמלט האָט איינער פֿון די סאָכרים פֿאַרגעלייגט אויסטרינקען פֿאַר אַזאַ געלונגענעם האַנדל. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון זײַנע פּוטערנע הויזן אַ פֿלאַש ספּירט, וואָס איז באַלד אַוועק איבער די הענט פֿון די נאַנײַער, אַ צווייטער סוחר האָט געזאָגט, אַז ער שטעלט אויך אַ פֿלאַש ספּירט. ס'איז געוואָרן יאָמטעוו, מ'האָט געטרונקען גלײַך פֿון די פֿלעשער, פֿאַרביסן מיט רויטן געזאַלצענעם פֿיש און מיט יוקאַלאַ. די נאַנײַער האָבן געטרונקען ריינעם ספּירט, אָדער ווי זיי האָבן אים גערופֿן, „פֿײַערדיק וואַסער", און די סאָכרים — פּאָשעט וואַסער, פֿון פּונקט אַזאַ פֿלאַש, מיט אַן ענלעכער עטיקעטקע. אַ פֿלאַש נאָך אַ פֿלאַש, ביז די נאַנײַער זײַנען געבליבן ליגן אַפֿן פֿראָסט...

אין־די־קאַן איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן, זיך געדרייט פֿון איין זײַט אַף דער צווייטער און געזאָגט שטיל, ווי פֿאַר זיך:

— מע דאַרף אונטערשיטן אַ ביסל פֿרישן שניי אין „בעט" אַרײַן, די „פּעדערן" האָבן זיך אײַנגעלעגערט... — ער האָט זיך צעקרעכצט, פֿאַריכטנדיק דעם געלעגער. די שײַן פֿון די קאַנעצן האָט אָנגעהויבן ציטערן. דער שאַלאַש איז געוואָרן פֿון מאָל צו מאָל אָט העל באַלויכטן, אָט טונקל.

אין דרויסן, אין דער טײַגע, האָט נאָך אַלץ געבושעוועט דער בוראַן. דער הונט איז געלעגן און געשמאַק געשלאָפֿן. ווען איך האָב אים אַ רוף געטאָן, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, אַ געגעץ און אַ סקוליע געטאָן און אָנגעהויבן לעקן מײַן אַרויסגעשטעקטע פֿונעם זאַק האַנט.

— הונגעריק, נעבעך... וואַרט צו אַ ביסעלע, כונזיי, אַ קליין ביסעלע. מיר האָבן גאָר פאַרגעסן אין דיר, און דו ביסט נאָך אַ כוילע דערצו. באַלד, באַלד, באַ אונדז וועסטו פון הונגער ניט שטאַרבן, — האָט אין-די-קאַן אײַנגערעדט דעם הונט, ווי אַ קליין קינד, פּונקט ווי כונזיי וואָלט אים פאַרשטאַנען.

ער האָט צערודערט די טליִענדיקע קוילן פונעם שײַטער, אוועקגעשטעלט דעם דרײַפוס און דאָס קעסעלע מיט שניי. איך בין אויך אַרויס פון שלאָפזאַק און געמאַכט עטלעכע שפּאַן אין ענגן שאַלאַש, קעדיי צעטרײַבן דאָס בלוט אין די אָדערן.

דאָס צעלייגן אַ שײַטער באַקומט זיך בײַ אין-די-קאַנען קונציק. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס פאַר אַ האָלץ עס איז פאַראַן, אַלץ ברענט בײַ אים אַלצייגנס. אין שאַלאַש דאַרף מען, ס'זאָל זײַן וואָס מער פײַער און ווייניקער רויך. עס ווערט וואַרעמער און היימלעכער — אַזוי ליכטיק, אַז מע זעט אַפּילע ניט די פלעמעלעך פון די קאַנעצן.

ווען אין-די-קאַן נעמט אָן מיט דער שיסל די פאַרבליבענע קרעפּלעך אינעם זאַק, קלינגען זיי און קלאַפּן הילכיק, ווי ניסלעך. איך זאָג אין-די-קאַנען, אַז איך וויל אַרויסגיין אַף אַ ווײַלע אין דרויסן: „בעסער איין מאָל אַליין זען, וואָס דאָרט קומט פאָר, איידער זיבן מאָל הערן וועגן דעם".

אין-די-קאַן האָט מוירע, איך זאָל זיך ניט פאַרבלאָנדזשען. ער נעמט אַרויס פונעם היטל אַ לאַנגן דינעם לעדערנעם רימען, בינדט אים צו צו מײַן רימען און הייסט מיר גיין. אין דרויסן קאָן מען ניט האַלטן אָפן די אויגן. קוקן איז מעגלעך נאָר אונטער די פּיס, און זען זעט מען נאָר, וויאַזוי עס דרייט דער שניי. דער ווינט איז אַזוי שטאַרק, אַז קעגן אים איז ניט מעגלעך אײַנצושטיין. דער שניי איז העכער פון די קני, איך פיל, ווי אין-די-קאַן ציט צו זיך דעם רימען, און כ'קער זיך אום אין שאַלאַש.

— נו, דו האָסט געזען, ווי דער טײַוול האָט זיך צעווילדעוועט, שײַטאַן-שאַמאַן!

אין-די-קאַן זיצט באַם שײַטער אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט אויסגעטאָן זײַן אייבערשט פעלצל און אָנגעוואָרפן עס אַף די אַקסל. לאַנגזאַם ציט

ער דעם ציבעק און שאַרט אונטער מיט אַ צווייַגל די קוילן פונעם שיי־טער. פּלוצעם גיט ער זיך אַ הייב אויף, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אופגע־כאַפּט פון שלאָף, שטעלט זיך אויף די פיס, רייַבט די אויגן מיט די אונ־טערשטע זייַטן פון די דלאָניעס און זאָגט:

— וואָס האָב איך זיך דאָס פאַרטראַכט, שייַטאַן־שאַמאַן! ווידער אָט דער „טיגער־זומפּ", צו אַלדי רוכעס! די קרעפּלעך וועלן דאָך צעקאָכט ווערן.

כונזיי האָט געהאַט זייַן געפעס, פון וועלכן ער פלעגט עסן — אַן אויסגעטריקנטער פּוכיר פון אַ ווילדער כייַע. אַהין גיסט מען אַרייַן די שפּייַז און מע וואַרט, ביז זי וועט אָפּגעקילט ווערן.

— הייַנט, — זאָגט אין־די־קאַן, — וועלן מיר פרייַער אָנהאָדעווען כונזייען...

ווען מיר זעצן זיך עסן, זאָג איך צו אין־די־קאַנען:

— פאַראַן בייַ ייִדן אַ ווערטל, אַז קרעפּלעך ווערן אויך נימעס. כ'וואָלט שוין מיט גרויס פאַרגעניגן געגעסן אַ שטיקל ברויט מיט הע־רינג און אַ ציבעלע...

— באַלד, באַלד, שייַטאַן־שאַמאַן, דאָס אַלץ וועלן מיר פאַרזוכן נאָך ביז קוקאַן.

— וואָס הייסט ביז קוקאַן? וויאַזוי?

— באַלד, באַלד, האָב געדולד, שייַטאַן־שאַמאַן! זאָל נאָר דער וועג זיך אייַנלייגן.

— איז וויפל דאַרף מען, ער זאָל זיך אייַנלייגן? — שטיי איך צו אים צו.

— ווען עס וועט אופהערן שיטן, וועל איך דיר דעמלט זאָגן, דאָס איז געווענדט אין דעם וועטער, שייַטאַן־שאַמאַן, — ענטפערט ער אַ בי־סעלע בייזלעך, — דערווייַל עס. זאָל דיר ווויל באַקומען. — ער זופּט אָפּ עטלעכע לעפל, כאַפּנדיק, ווי ער וואָלט אַ וואָך צייַט ניט געגעסן, און זעצט פאָר: — ניט קיין גוט ווערטל בייַ אייַך. וואָס הייסט — קרעפּלעך ווערן אויך נימעס. אַזעלכע קרעפּלעך קאָן מען עסן אַ קייַלעכדיק יאָר. ערגער איז, אַז מע וויל עסן און ס'זייַנען ניטאָ די קרעפּלעך, ניטאָ, שייַ־טאַן־שאַמאַן!

# דער זיבעטער טאָג

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט דער בוראַן געבושעוועט. פאַר דער צייט זײַנען אין אונדזער שאַלאַש קיין שום נײַסן ניט פאָרגעקומען. דאָס לעבן האָט זיך געצויגן לאַנגווײַליק. גאַנצפרי, באַטאָג און אין אָוונט האָבן מיר געקאָכט קרעפּלעך און געטרונקען וועגן א שטיקל ברויט מיט ציבעלע, מיט הערינג. מיר האָבן געשמועסט פון אַלץ, וואָס ס׳איז געקומען אפן געדאַנק, נאָר וועגן דעם „טיגער-זומפּ" איז קיין רייד ניט געווען. אין-די-קאַן האָט ווי פאַרגעסן אין אים, און איך האָב ניט געוואָגט אים דערמאָנען.

עס גייט שוין דער זיבעטער טאָג, זינט מיר זײַנען אין וועג. דער שניי שיט נאָך און שיט. צי מיר זײַנען שוין צוגעווױנט צום געברום פונעם בוראַן, צי ער האָט טאַקע אופגעהערט וואָיען, נאָר מיר הערן אים ניט, אָדער ס׳דאַכט זיך אַזוי אונדז אויס.

— ניין, ניין, זאָג ניט. זאָג ניט, שײַטאַן-שאַמאַן! — מיט די ווערטער קומט ארײַן פון דרויסן אין-די-קאַן, — ס׳איז שוין ניט אַזוי שרעקלעך.

מיר שטופּן אָפּ אינגאַנצן די „טיר", לאָזן פרײַער ארויס כונזײַען, דערנאָך גייען מיר אויך ארויס. דער ווינט איז נאָך שטאַרק, נאָר מע קאָן שטיין אף די פיס. צען-פופצן מעטער די ווײַט זעט מען אַלץ בײַלעט. דער ארום האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. ווו-ניט-ווו האָבן זיך אויסגעבילדעט גאַנצע בערג שניי. אין אַנדערע איז די ערד הויל. מיט פאַרי-סענע קעפּ שטייען מיר און קוקן אין דער הייך. אין הימל רײַסן זיך דורך העל-באַליכטענע מיט זון-שטראַלן וואָלקנס, זיי פאַרשווינדן און קומען אוף אפסנײַ.

כונזײַען איז, ווײַזט אויס, אויך נימעס געוואָרן צו זיצן אין שאַלאַש. ווי נאָר ער איז ארויס אין דרויסן, האָט ער פאַרזדרייט דעם עק אין א רינגל און געגומען ווילד שפּרינגען איבער דער טײַגע. געכאַפּט א שטיק צווײַג אין די ציין, זי אוועקגעוואָרפן, ווידער געכאַפּט, און, זינקענדיק אין די טיפע הורבעס שניי, קוים פון זיי ארויסגעקראָכן און ווידער געזונקען, געסקוליעט, זיך געלאַשטשעט צו אין-די-קאַנען, צו מיר און נאָכאַמאָל זיך געטראָגן ווײַטער.

דער פראָסט האָט אָפּגעלאָזט, ס'האָט זיך געפּילט, אַז דער וועטער דאַרף זיך בײַטן. ביז ס'איז נאָך ליכטיק, האָבן מיר אָנגעבראָכן צווײַגן פאַרן שײַטער. האָפּנדיק אַף אַ לויטערן זוניקן טאָג, האָבן מיר באַלד נאָכן אָוונטברויט זיך געלייגט שלאָפן.

איך האָב זיך אויסגעדרייט צו אין־די־קאַנען און אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס וואָלטן מיר פונדעסטוועגן געטאָן, ווען מיר טרעפן דאָ אָן אַף אַזעלכע, ווי די כאַליאַסטרע סאָכרים באַם „טיגער־זומפּ"? מיר טראָגן דאָך פאָרט אַ זאַק מיט געלט, און מיר האָבן נאָר איין ביקס...

— נאַרישקײַטן, נאַרישקײַטן, שײַטאַן־שאַמאַן! וואָס איז דאָ צו ריידן? איצט זײַנען אַנדערע צײַטן, אַנדערע מענטשן, די טײַגע איז אַן אַנדערע. אַלץ איז אַנדערש, שײַטאַן־שאַמאַן!

— וואָס פאַר אַ כילעק איז צווישן אײַך און יענע נאַנײַער, וועלכע זײַנען געגאַנגען פון קוקאַן קיין אין?

— אָ! וואָס איז דער כילעק, וואָס איז דער כילעק! — האָט ער אַף זײַן אויפן איבערגעכאַזערט, — ס'איז אַ גרויסער כילעק.

איצט ליגט ער שוין ניט אין שלאָפזאַק. ער זיצט, טשמאָקעט דעם ציבעק, וואָס וויל זיך ניט צעברענען.

— צווישן יענע נאַנײַער, דאַרף איך דיר זאָגן, איז געווען אויך מײַן טאַטע. אָ, ער איז געווען זייער אַן אָרעמער גאָלד. איך, זײַן זון, האָב ניט געקאָנט באַקומען אַזאַ בילדונג, ווי מײַן זון. מײַן זון לערנט זיך אין לענינגראַד. דו זעסט, שײַטאַן־שאַמאַן, סאַראַ כילעק דאָס איז? איך וויל זיך ניט באַרימען, ווײַל בײַ אונדז, אַז אַ נאַנײַער דערשיסט אַ ווילדע ציג, זאָגט ער, אַז ער האָט געכאַפּט אַ וועווערקע. נאָר ווען דו וועסט קומען קיין קוקאַן, וועסטו זען, אין וואָס פאַר אַ שטוב איך וווין. איך וועל דיר ווײַזן אויך דעם טשום, וווּ ס'האָט געוווינט מײַן טאַטע. דער טשום שטייט בײַ אונדז אין מוזיי. פריער זײַנען אַנדערע מענטשן געגאַנגען אין דער טײַגע, קעדיי צו ראַבעווען די נאַנײַער, און איצט טראָגן זיי פאַר די גאָלדן זעק מיט געלט. ס'איז אַ כילעק צי ניט קיין כילעק, פרעג איך דיך, שײַ־טאַן־שאַמאַן?

— פונדעסטוועגן, וואָס וואָלטן מיר געטאָן, ווען מע פאַלט אָן אַף אונדז?

אין-די-קאַן, זע איך, בײזערט זיך שוין א ביסל, נאָר ער איז אײַנגעהאלטן, עס פילט זיך, אז ער האָט שוין באַקלערט דעם ענטפער און וועט אים באַלד ארויסזאָגן רויִק, אָן קיין שום ברען:

— איך פאַרשטײ ניט, וואָס דו האָסט זיך אַרײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ, קיינער וועט אף אונדז ניט אָנפאלן. דו האָסט פאַרגעסן, אז אין אונדזערע קאַנטן איז ראַטנמאכט. טפו, וואַרף אוועק די שרעק, שײַטאַן-שאַמאַן!

— ווען איך זאָל זײַן א שרעקעוודיקער, וואָלט איך זיך ניט געלאָזט אין טײַגע מיט א זאַק געלט, — פאַרענטפער איך זיך, — דאָס איז איינס, און צווייטנס, דאַרף מען וואַך זײַן. מאַלע-וואָס ס׳קאָן זיך טרעפן...

— אָט אָ-דאָ זײַנען מיר געקומען מיט דיר צו דעם, וואָס מע דאַרף. יאָ, שטענדיק זײַן וואַכזאַם! ווען מײַן טאַטע און די אַלע, וואָס זײַנען געווען מיט אים בא דעם „טיגער-זומפּ", וואָלטן דעמאָלט פאַרשטאַנען אָט דעם געזעץ, וואָלטן זיי אַזוי טײַער ניט באַצאָלט...

ווי נאָר אין-די-קאַן קומט אַרויף אף יענער געשיכטע, ווערט ער אומעטיק, ער בײַט זיך אין פּנים. פרעג איך אים שוין מער גאָרניט, ער וועט ניט ענטפערן, ער איז מיט זײַנע געדאַנקען ערגעץ ווײַט, ווײַט פונדאַנען. ער רייכערט איין ציבעק נאָכן אנדערן אָן אופהער, פאַרציט זיך שטאַרק, לאָזט ארויס פון מויל א דין סטענגעלע רויך און קוקט זיך אײַן, ווי דער רויך צעגייט זיך אין דער וואַקלענדיקער שײַן פונעם שאַלאַש, דאָס מאָל האָט ער אליין פאָרגעזעצט די געשיכטע:

— יאָ, יאָ, אין יענעם טאָג האָבן אונדזערע גאָלדן, די נאַנײַער, פאַרגעסן צו זײַן וואַך. ס׳איז געווען א שווערע צײַט, די ראַטנמאכט האָט זיך נאָרוואָס געשטעלט אף די פיס. ניט נאָר אין דער טײַגע האָבן געשמוגלט פאַרשיידענע „סאָכרים", מע האָט זיי דעמאָלט געקאָנט געפינען אומעטום. ווען די „סאָכרים" האָבן דערפילט, אז די נאַנײַער זײַנען שוין גוט שיקער און קאָנען ניט רירן מיט קיין אייווער, האָבן זיי צוגענומען די סכוירעס, דאָס פוטער איז שוין סײַווי געווען בא זיי אין די הענט, צוגענומען די גוטע מענערשע פעלצן פון הירשנפעל, אויסגענייטע מיט אָרנאַמענטן. אפילע אויסגעטרייסלט פון די קעשענעס די לעצטע קאָפּיקעס. נאָר אַלץ איז גאָרניט אנטקעגן דעם, וואָס זיי האָבן אויסגעלאָשן די שײַטערס און צוגענומען בא די נאַנײַער די שוועבעלעך, די ביקסן, געלאָזט די באַראַבעוועטע ליגן אפן שניי, באַנאַכט אין א ביטערן פראָסט... פאַרטאָג האָבן די נאַנײַער זיך אופגעכאַפּט מיט אָפּגעפרוירענע הענט און

נעזער. לעם זיי זײַנען געלעגן פֿינף אָפּגעסאמטע הינט. זײַענדיק איין טאָג גאַנג פֿון דער אײַזנבאַן־ליניע, האָבן די אומגליקלעכע מוירע געהאַט צו גיין אַהין און זיך געלאָזט אָן שפּײַז, אָן פֿײַער, הויל און בלויז, צוריק קיין קוקאַן. פֿון נײַן געלאַדן האָבן זיך נאָר זעקס אומגעקערט. דרײַ זײַנען געשטאָרבן אין וועג פֿון הונגער און קעלט. צווישן די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, איז געווען מײַן אַלטער טאַטע. ער האָט אָפּגעפֿרוירן די פֿינגער פֿון די הענט.

— ער לעבט נאָך?

— ניין. געשטאָרבן אין אַ פּאָר יאָר אַרום, פֿון ווייטיקן און פֿון בושע.

— וויאַזוי שטאַרבט מען דאָס פֿון בושע?

— בושע, בושע, שײַטאַן־שאַמאַן. מע האָט זיי אַלעמען געגעבן אַ צונעמעניש „די אָפּגעפֿרוירענע”. דו שטעלסט זיך פֿאָר, וואָס דאָס באַטײַט פֿאַר אַ נאַנײַער?

מיר זײַנען געלעגן אויף די געלעגערס, אַלץ געררייכערט און גערייכערט, ביז ס'האָבן זיך אויסגעלאָשן די קאַנעצן און ס'זײַנען שוואַרץ געוואָרן די קוילן פֿונעם שײַטער. שווײַגנדיק זײַנען מיר אַנשלאָפֿן געוואָרן.

## דער אַכטער טאָג

הײַנט זײַנען מיר אויפֿגעשטאַנען פֿריִער, איידער געוויינלעך. עפּעס האָט אונדז גלײַך אויפֿגעטראָגן. אין דרויסן איז זייער שטיל. מיר זײַנען אַרויס פֿון שאַלאַש. דער הימל — לויטער, די זון איז שוין אויפֿגעגאַנגען. פֿונדאַנען זעט מען זי ניט, נאָר דורך דער טײַגע שנײַדן זיך דורך אָפּגעהאַקטע שמאָלע פּאַסן שײַן. דער שניי איז ווײַס, ער פֿאַרבלענדט די אויגן. ווי נאָר מע שטעלט אַוועק אַ פֿוס, זינקט מען אײַן אין אים. די ביימער שטייען, ווי פֿאַרכאָלעמט, קוים ציטערנדיק מיט די קרוינען. אין אַלץ פֿילט זיך אַ רויִקײַט. דעם שניי האָבן נאָך ניט באַרירט קיין פֿייגל אָדער כײַעס. עס ווילט זיך ניט אַרײַנגיין צוריק אין שאַלאַש. מיר טאַפּטשען דעם שניי, פּרוּוון אים אונטער די פֿיס.

— נו, ווי מיינסטו, מע קאָן גיין? — פֿרעגט אין־די־קאַן.

— מע דאַרף גײן, — ענטפֿער איך.

אַפֿגיך צעפֿירן מיר אַ שײַטער, דאָס מאָל שױן אין דרױסן, עסן אָפּ פֿרישטיק, און אין־די־קאַן לײגט פֿאַר זײַן פּלאַן. ער האַלט, אַז מע דאַרף ניט וואַרטן, אַ שאָד די צײַט, דער שנײ איז פּײַכטלעך, די זון וואַרעמט, קײן גרױסער פֿראָסט איז איצט ניט פֿאַראַן, אױב אַז ס'וועט זײַן ניט שווער צו גײן. ניט ווײַט פֿונדאַנען, אַ האַלבן טאָג גאַנג אין געוױינלעכע באַדינגונגען, איז פֿאַראַן אַ יעגערישע זאַימקע, נאָר אַפּילע אױב מיר וועלן פּאַטערן אַף דערגײן צו איר אַ גאַנצן טאָג, איז עס אַלצײנס בעסער, ווי זיצן דאָ.

— בא אונדז זאָגט מען: כאָטש די וועוועריקע שפּרינגט געשווינד, פֿונדעסטוועגן דאַרף מען ניט זיצן אַף אײן אָרט און וואַרטן אַף איר, מע דאַרף צו איר גײן.

אײדער מיר פֿאַרלאָזן דעם שאַלאַש, נעמט אַרױס אין־די־קאַן פֿון זײַן הױט אַ טרוקענעם פּוכיר, שיט אין אים אָן עטלעכע שיסעלעך קרעפּ־לעך, בינדט איבער מיט אַ פֿאָדעם, רוקט אַרײַן אין פּוכיר אַ פּעקעלע שוועבעלעך און בינדט אים ווידער איבער, לײגט פֿון אױבן אַרײַן אַ קאַ־נעצל און בינדט צו דאָס אַלץ צו אַ צווײַג אַף דער סטעליע. ער גײט אַרױס אין דרױסן, שטעלט זיך מיטן פּאָנעם צום שאַלאַש און זאָגט עפּעס אַף אַ קאָל אַף נאַנײַיש. איך שטײ און קוק, ווי ערנסט ער איז.

— איך האָב געזאָגט: „זאָל דאָס דינען פֿאַר גוטע מענטשן", — פֿאַר־טײַטשט ער מיר זײַנע רײד, — דאָס איז אונדזערער אַ געזעץ, אַזאַ מינ־העג. אױב דו ביסט מאַסקים, קאָנסטו זאָגן דאָס זעלבע.

איך האָב זיך געשטעלט מיטן פּאָנעם צום שאַלאַש, אַנטהילט דעם קאָפּ און געזאָגט אַף יידיש:

— זאָל דאָס דינען פֿאַר גוטע מענטשן.

— מאָלאָדיעץ, שײַטאַן־שאַמאַן! — האָט ער מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלײצע, — איצט וועלן מיר פֿאַרײַכערן אַפֿן וועג, און אין אַ גוטער שאָ!

דער וועג אונדזערער גײט גלײַך אַף צאָפֿן, די זון איז פֿון רעכטס, זי איז שױן גאַנץ הױך, נאָר בלענדט ניט אַזױ אין די אױגן, כאָטש אַפֿן באַלױכטענעם שנײ איז שווער צו קוקן. מיר גײען אינעם שאָטן פֿון די בײמער. ווי שטענדיק, לױפֿט אַפֿריער כונזײַ, ווי ער וואָלט געוווּסט דעם וועג. די טײַגע ווערט אַלץ מער און מער אױפֿגעלעבט. מאַכנעסוײַז דרײען זיך מיט אַ געפּילדער איבער די קרױנען סטײַעס קראָען, ווי צופֿרידענע

פון דעם, וואָס ס'האָט זיך געענדיקט דער בוראַן און זיי קאָנען אויך געניסן פון דער ליכטיקער שיין.

איך קוק אף אין-די-קאַנען און טראַכט, ווי שווער ס'איז אים צו שלעפן דעם קאַבאַן. ס'זאָלן כאָטש הײַנט זיך ניט טרעפן אונדז קיין נײַע שפּורן פון קאַבאַנען, ווײַל, ווי־ס איז, גאַרנישט קאָן ניט אָפּהאַלטן קיין נאַנײַער, ער זאָל ניט נאָכגיין נאָך אָט די שפּורן, ביז ער וועט ניט אָנ-יאָגן די כײַע. דער שניי האָט זיך נאָך ניט שטאַרק אײַנגעלייגט, און אפן קאַבאַן ווערן פון צײַט צו צײַט אָנגעשאָטן גאַנצע הורבעס. אין-די-קאַן דאַרף זיך אַלעמאָל אָפּשטעלן און אָפּרייניקן זײַן טראָפּיי.

וואָס העכער מיר הייבן זיך אוף צום שפּיץ פון דער סאָפּקע, אַלץ מער טרעפן זיך אײַנגעבראָכענע, אָנגעוואַלגערטע און אַרויסגעריסענע צו-זאַמען מיט די וואָרצלען ביימער און גרויסע הרודעס פאַרפרוירענע ערד אַרום זיי. נאָך שטאַרקער האָט געבושעוועט דער בוראַן אף דעם סאַמע שפּיץ פון דער סאָפּקע. דאָ איז שווער דורכצוגיין דורכן געפּלאָנטער פון שטאַמען און קרוינען, צווײַגן און גריבער. ווער ווייסט, ווען עס וועלן זיך נאָך אהער הערקלײַבן די וואַלדהעקער און די וואַלד-פאַרגרייטער און ברענגען דאָס אַלץ צו א טאַכלעס.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט אף אַן אָנגעוואַלגערטן בוים, פאַרייכערט. אין-די-קאַן האָט זיך אײַנגעקוקט אינעם אַרום און איז געווען זייער פאַרזאָרגט. טרערן זײַנען געשטאַנען אין זײַנע אויגן: ער, א מענטש, וואָס וווינט אין דער טײַגע און לעבט פון איר גאָב, האָט ניט געקאָנט זײַן גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס איז דאָ געשען.

— וויפל כײַעס זײַנען אומגעקומען, שײַטאַן-שאַמאַן! א ראַכמאָנעס, א גרויסער ראַכמאָנעס אף דער טײַגע, אײַ, אײַ, אײַ! און וואָס זעען מיר? אַלע ווילן נאָר נעמען פון דער טײַגע, שײַטאַן-שאַמאַן, נאָר קיינער קאָן איר ניט העלפן.

לויט דער צײַט האָבן מיר שוין באַדאַרפט עסן וואַרמעס, נאָר קיין איבעריקן כײַשעק האָבן מיר ניט געהאַט דערצו. אין-די-קאַן האָט געזאָגט:

— נישקאָשע, מיר וועלן זיך גיך דערקלײַבן צו דער זאַימקע, אַלץ איז שוין פאַרבײַ. ווען קוקאַן זאָל האָבן אַזעלכע גרויסע קוימענס, ווי מאָסקווע, וואָלטן מיר פונדאַנען אים שוין געזען.

ער טוט א ווײַז מיטן שטעקן אף צאָפן און, שוין מיט א גוטמוטיקן שמייכל, גיט ער צו:

— בא אונדז זאָגט מען: צו א ווארעמען טשום אין דער ווײַט קומט מען גיכער, ווי צו א קאַלט בײַדל אין דער נאָענט...

איצט ליגט אונדזער וועג באַרג-אַראָפּ, נאָר גלײַך אַראָפּגיין קאָן מען ניט — עס פאַרצוימען דעם וועג אַרויסגעריסענע שטיינער און אָנגעוואַלגערטע הרודעס ערד, מיט געלע, ווי זשאַווער, אַנטהילטע וואָרצלען. מוזן מיר מאַכן זיגזאַגן. דאָס פאַרנעמט מער צײַט, ווי מיר האָבן געמיינט. נאָר אָט האָבן מיר אַריבערגעשפּאַנט דעם גרעסטן און דעם לעצטן באַרג-שפּיץ אויפן וועג קיין קוקאַן. איצט, ווען מיר זײַנען שוין אין דער נידער, איז דער רעליעף א מער פלאַכיקער, די טײַגע איז שיטער, דער שניי טיפער און מער שוין אײַנגעלעגענער.

לעבן א שטאַם פון אַן אָנגעוואַלגערטן טרוקענעם צעדער שטעלן מיר זיך אָפּ. ס׳איז אונדז װאַרעם, מיר נעמען אַראָפּ די אושאַנקעס, און פון אונדזערע קעפּ שלאָגט א לײַכטער דאַמף.

...ווײַטער זײַנען מיר געגאַנגען פּאַמעלעך. די זון האָט שוין געוואָרפן לאַנגע שאָטנס פון איינציקע ביימער, און אויפן שניי האָבן זיך אונטער אונדזערע פיס געלייגט, ווי אויסגעווירעטע אויף א ווײַסן בויגן פּאַפּיר, טונקעלע פּאַסן. מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון ניט קיין גרויסער הויכעניש, און פּלוצעם איז אויסגעוואַקסן קעגן אונדז, ווי פון אונטער דער ערד, די יעגערישע זאַימקע: א נידעריקע געבײַדע, צונויפגעלייגט פון דיקע בערוונעס, א לענגלעכע און א שמאָלע, מיט איין פענצטער און מיט איין טיר. בא דער זײַט האָט זי געהאַט א הילצערנעם גאַנעק מיט עטלעכע טרעפּלעך. דער פלאַכער דאַך איז אויך געווען אויסגעלייגט פון בערוונעס. דער קוימען אין א ווינקל פונעם דאַך האָט אויסגעזען ווי א שטיקל אַרײַנגעשטעקטע ריגורע.

קיין שום שטעג האָט פון ערגעץ ניט געפירט צו דער געבײַדע. ווײַזט אויס, אז נאָכן בוראַן איז דאָ נאָך קיינער ניט געווען.

מיר האָבן אַראָפּגענומען פון זיך די זעק. אין-די-קאָן האָט זיך אויסגעשפּאַנט פון דער ראַגאַטקע מיטן קאַבאַן, אָפּגעטעמט, אַרופגעוואָרפן דעם קאַבאַן אויף די פּלייצעס און איז פאַרשוווּנדן מיט אים אין דער געבײַדע. איך בין געגאַנגען נאָך אים. אין פירהויז האָבן פון די ווענט געשטאַרצט אָנגעקלאַפּטע פּלאַקנס. ווײַטער איז געווען א מין קיך: צוויי גרויסע טישן און אַרום זיי לאַנגע בענק, אין ווינקל א געמויערטע פּליטע, לעבן איר א ביסל פאַרגרייט טרוקן האָלץ און שפּענער. נאָענט צו דער

פּליטע איז געשטאַנען אַ טישל און אויף דעם — אַ טאָפּ ואַליק, אַלט־געבאַקן ברויט, שוועבעלעך און אַן עמער וואַסער.

אין צווייטן, פּינצטערן צימער זײַנען געשטאַנען צוויי־שטאָקיקע נאַרעס, און אויף זיי מאַטראַצן, אָנגעשטאָפּטע מיט היי. פון דאָרט האָט געפירט אַ טיר מיט אַ פּאָר טרעפּלעך אַראָפּ אין קעלער.

אהין טאַקע, אין קעלער, האָט אין־די־קאַן געבראַכט דעם קאַבאַן און אים אופגעהאַנגען אויף אַ קריוק. אין דער שײַן פונעם קאַנעצל האָב איך דערזען, אַז דאָרט זײַנען געהאַנגען נאָך אַ פּאָר צענדליק אַנדערע פריידי־קעס — קאַבאַנעס, ווילדע ציגן, צוויי בערן, פאַרשטיינערטע פון פראָסט.

— אויפן קעלער איז נישטאָ קיין שלאָס! — האָב איך זיך געוווּנדערט.

— פונדאַנען וועט קיינער גאָרנישט צונעמען, יעדערער היט אָפּ דאָס פרעמדע, ווי זײַן אייגנס, און אַז עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט, ברענגט מען דעם יעגער זײַנס גלײַך אין שטוב אַרײַן, ווען אים כאַלעמט זיך דאָס אפילו ניט, שײַטאַן־שאַמאַן!

אינגיכן ווערט אין קיך וואַרעם. מיר נעמען אַרײַן פון דרויסן די זעק און הענגען זיי אויף אין פירהויז. ביז איצט, ווען מיר האָבן געטאָגט אין געגעכטיקט אין טײַגע אונטערן אָפּענעם הימל, האָב איך קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם, וויאַזוי ליגט אָדער וויאַזוי עס הענגט דער רוקזאַק מיט דעם געלט. ווי נאָר אָבער מיר האָבן באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און פיר ווענט, האָב איך גלײַך זיך געכאַפּט בײַ דעם געדאַנק, אַז אין מעלוכע־באַנק איז דער רוקזאַק געלעגן אין אַ סייף אונטער זיבן שלעסער, און דאָ — עפּעס העפקער: ווו מע לייגט אים אַנידער, דאָרט ליגט ער, פונקט ווי אויף דער ערד האָט ער שוין גאָר אַן אַנדער ווערט...

דאָס ערשטע, וואָס איך טו, וואָש איך זיך אײַן מיט וואַרעמער וואַסער און צוואָג אויס דעם קאָפּ. איך זיץ לעבן טיש אַ האַלב נאַקעטער, אַ באָרוועסער. אַ פרישע וואַרעמע לופט נעמט אַרום מײַן קערפּער. דאָס פּוטערנע אָנמאַן ליגט אין אַ ווינקל, אויף דער ערד, ווי כפּייצים, וועלכע מע דאַרף שוין גאָרניט האָבן.

אין־די־קאַן באַלעבאַטעוועט דאָ, ווי בײַ זיך אין שטוב. ער לאָזט זיך אַראָפּ אין קעלער און שרײַט צו מיר פון דאָרטן, איך זאָל צונעמען בײַ אים, וואָס ער דערלאַנגט: אַ קוישל קאַרטאָפל, אַ שיסל געזײַערטע קרויט מיט אוגערקעס, געזאַלצענע קעטאַ און אַ פּאָר ציבעלעס.

אינגיכן זיצן מיר באם טיש. אז אנגעשטעלטן מיט געבראָטענעם קאבאנעז-פלייש, מיט קארטאָפל און אנדערע געשמאקע זאכן. פון קרעפּ-לעך האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט. דעריקער — מיר האָבן צום טיש ברויט, כאָטש אלטגעבאקנס, נאָר גוט ברויט.

אין-די-קאן איז צעשוויצט, ער באוועגט זיך פלינק און פילט זיך טאקע בעעמעס ווי אין דער היים. ער האָט זיך אויך גוט אויסגעוואשן און סטארעט זיך פירן די קיך „מייַסע באלעבאָסטע".

בא דער וועטשערע פרעג איך אים איבער:

— וויאזוי זשע ווייסן די יעגער, וועמענס איז דער קאבאן אָדער די ציג?

— האָב געדולד, האָב געדולד, שייַטאן-שאמאן! — ענטפערט ער צעצויגן. — ווען דו ווארפסט אריַין א בריוו אין פּאָטשטקעסטל, ווייסטו, אַז ער וועט קומען ווּהין מע דארף? אזוי איז אויך דאָ. האָב געדולד, האָב געדולד, שייַטאן-שאמאן!

דערנאָך גייט ער מיטאמאָל איבער צו דערמאָנונגען וועגן מאָסקווע:

— איאָ, איך האָב דיך שוין דערציילט וועגן אונדזער דעלעגאציע, וועגן איר אָנפירער, ראבינאָוויטשן? דו קענסט אים געוויס, ער איז דאָרט בא איַיך דער דירעקטאָר פונעם פעדאגאָגישן טעכניקום. אויב דו קענסט אים ניט, זאָלסטו זיך מיט אים באקאנען, און טאקע איבערגעבן א גרוס פון מיר. זייער א ווילער יאט. ווייַזט אויס, א געלערנטער, שייַטאן-שאמאן! נאָר א צוגעלאָזטער. איך בין מיט אים אין איין קופּע געפאָרן קיין מאָסקווע און פון מאָסקווע. מיד האָט ער גערופן קורץ „אין" און האָט גע-שפּאסט: „אין, דו פאָרסט פון אין און צוריק וועסטו אויך פאָרן קיין אין". די כעוורע האָבן געלאכט, איך האָב פריער ניט פארשטאנען פון וואָס מע לאכט, נאָר ווען ראבינאָוויטש האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, האָב איך געלאכט צוזאמען מיט אלעמען.

דערנאָך האָט ער פאָרגעזעצט:

— מיר קומען צו פאָרן קיין מאָסקווע, גיט מען אונדז א גאָסטיני-צע — מיט א וואנע, מיט א קלאָזעט, זאָלסט מיר מוחל זיַין. דאכט זיך, גוט, שייַטאן-שאמאן? מיר וואשן זיך איַין, עסן אָפּ, נאָר ראבינאָוויטש, דער דירעקטאָר פונעם פעדטעכניקום, זאָגט, אז מיר דארפן גיין אין באָד ארייַן. אין באָד אריַין — איז אין באָד אריַין, שייַטאן-שאמאן! מיר נעמען, וואָס

מע דארף, און גייען אין באָד. גאָט מײַנער, שײַטאַן־שאמאַן! דו ביסט גע־וועזן אַמאָל אין מאָסקווער באָד?

— מאָסקווער בעדער זײַנען גוט באוווּסט.

— ניין, דו ווייסט ניט, מיסטאמע, וויפל מענטשן עס באָדן זיך דאָרט אין איין צײַט. עפּשער צען מאָל מער, ווי די באַפעלקערונג אין גאַנץ קוקאַן. אַ שרעק, שײַטאַן־שאמאַן! ווען איך בין אַרײַן אין באָד, בין איך געבליבן שטיין און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. נאָר באַלד האָב איך דערפילט, ווי אַ נאַסע האַנט האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אין מײַן אַקסל, און מע האָט מיר אַרײַנגעשריִען אין אויער: „איך, קום, וועל איך דיך אָנשמײַסן אין דער פּאַרילקע!". מאמע מײַנע טײַערע, שײַטאַן־שאמאַן! דער שטילער דירעקטאָר פון פּעדטעכניקום — ראַבינאָוויטש — האָט מיך אַזוי גע־שמיסן, אַזוי געשמיסן, שיר ניט דערהאַרגעט, זאָג איך דיר...

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז די טיי איז שוין אָפּגעקילט, האָט ער אָנ־געגאָסן פרישע, אָפּגעזופּט עטלעכע מאָל און פאָרגעזעצט:

— אין קוקאַן איז אַמאָליקע יאָרן קיין באָד ניט געווען. ניט נאָר אין קוקאַן, אין די אַנדערע באַנײַער סטויבישטשעס אויך. די גאָלדן, וועל־כע זײַנען אויסגעוואַקסן און געלעבט מערסטנטייל אין דער נידער פון עם אמור, האָבן אפילו זומערצײַט מוירע געהאַט זיך באָדן. דאָס איז געווען, ווי מע זאָגט, אַ פאַרבאָרגענע זאַך. וועגן ווינטער איז שוין אָפּגערעדט. כאַדאַשימוויִן פלעגט מען, וואָגלענדיק איבער דער טײַגע, אפילו די איי־בערשטע פוטערנע קליידער פון זיך ניט אַראָפּנעמען. מיר, גאָלדן, האָבן קיינמאָל פון קיין בעדער ניט געוווּסט. נאָר ווען מיר האָבן זיך פון די טשומען אַריבערגעקליבן אין הילצערנע הײַזער — אויפגעהערט וואַנדערן און זיך באַזעצט אויף איין אָרט, האָבן מיר בײַ די רוסישע מענטשן זיך אויסגעלערנט צו באָדן זיך. אייניקע אַלטע לײַט פלעגן זאָגן: „לאָזט מיך שטאַרבן רויִק, כ'האָב זיך פון געבוירן אָן ניט געבאָדן און וועל ביז דעם טויט זיך ניט באָדן". איצט, ווען עס מאַכט זיך איבער עפּעס־וואָס אָן איבערײַס אין דער אַרבעט פון דער באָד, צעטראָגט מען שיר ניט דעם דאָרפראַט!..

— מאָרגן, ווען מיר וועלן קומען קיין קוקאַן, וועלן מיר זיך אויס־באָדן, — זאָג איך.

— אומבאַדינגט דאַרף מען מאָרגן זײַן אין קוקאַן. אויב הײַנט וועלן

קומען אהער יעגערס, וועלן זיי האָבן הינט אָדער הירשן, פונדאנען קאָן מען פאָרן מיט זיי, וועט עס זײַן גיכער.

— אין־די־קאַן, — וויל איך וויסן, — אויב ס'וועלן קומען יעגערס, ווער זײַנען זיי?

— ווער זיי זאָלן ניט זײַן: נאַנײַער, יאקוטן, צי עווענקן, אַלע זײַנען גוטע מענטשן.

— זיי טאָרן ניט וויסן, וואָס עס ליגט בא מיר אין רוקזאַק?

— קיינער וועט ניט פרעגן, ס'איז קיינעמס זאַך ניט. קום אראָפּ אין קעלער, איך וועל דיר דערציילן, ווער עס קאָן קומען אהער...

מיט אָנגעצונדענע קאַנעצן לאָזן מיר זיך אראָפּ אין קעלער, ווו ס'הענגען די פּריידיקעס. אין־די־קאַן קוקט זיך גוט אײַן, באטראכט די פאָדערשטע פיס פון די כײַעס און רופט אָן, וועמען וואָס עס געהערט. ער רעכנט איבער די נעמען פון העכער צען יעגערס. איך כידעש זיך:

— וויאזוי זשע האָט איר זיך דאָס דערוווּסט?

— זייער פּאָשעט, זייער פּאָשעט, — זאָגט ער. — אָט האָב איך בא דעם קאבאַן, וואָס כ'האָב געבראַכט אהער, געמאַכט א סימען אף דער פאָדערשטער זײַט פון זײַן רעכטן פוס, אויסגעשניטן א דרײַעק מיטן שפּיץ צו דער ערד. אַלע יעגערס, ניט נאָר פון קוקאַן, פון דער גאַנצער טײַגע, ווייסן, אז דאָס איז מײַן סימען. בא אנדערע מעג זײַן דער זעלבער סימען, נאָר מיטן שפּיץ אין דער הייך, מיטן שפּיץ אף רעכטס, אף לינקס. יעדע כײַע האָט דאָך פיר פיס, יעדע פוס פיר זײַטן, און כוץ א דרײַעק קאָן מען דאָך מאַכן אנדערע סימאָנים — א רעדעלע, א פירעק, אפילע א שטערנדל. איצט פארשטייסטו?

מיר ציִען זיך אויס אף די נארעס, נאָר אין־די־קאַן קאָן ניט אײַנשלאָפן. ער דרייט זיך פון איין זײַט אף דער אנדערער, ביז ער קריכט אראָפּ און זאָגט:

— עך, שײַטאַן־שאמאַן! דו ווייסט וואָס, לאָמיר נעמען די שלאָפזעק און גיין שלאָפן אין דרויסן, פון די מאטראַצן פילט זיך עפּעס א גערוך, און ס'איז זייער אָנגעהייצט דאָ. א, ווי מיינסטו?

אײַנגיכן ליגן מיר שוין אין דרויסן אף די פרישע שנייִקע געלעגערס. דער פראָסט איז ניט שטאַרק, מע קאָן ארויסשטעלן דעם קאָפּ פונעם שלאָפזאַק, רייכערן, ריידן...

## דער נײַנטער טאָג

אופגעכאַפּט האָב איך זיך זייער פרי, נאָר אין-די-קאַן איז שוין געווען וואך.

— א, א, דיר שלאָפט זיך ניט, שיטאַן-שאמאַן! — האָט ער אויסגערופן. — וואָס גיכער קיין קוקאַן! באַלד, באַלד מאַכן מיר פרישטיק. נאָר הער אויס, וואָס פאַר א כאַלעם עס האָט זיך מיר היַנט געכאָלעמט!

אין-די-קאַן בלייבט זיצן, ווי א פאַרגליווערטער, שטאַרעגט אָן דעם זיקאָרן, און אין א ווײַלע אַרום טוט ער א פליעסקע מיט די הענט:

— הער זשע מיך אויס! בא אונדז אין קוקאַן האָט יעדער קאָלווירטניק זײַן אָרט, ווו ער מעג שטעלן די פאַסטקעס פאַר די וועווערקעס. מיר שיסן זיי ניט, די פעלעכלעך זאָלן זײַן גאַנצע... נאָר ס'איז ניט פּאַשעט. מייגסט — שטעל אוועק די פאַסטקעס און פאַרטיק? יעדער יעגער האָט זיך זײַן פרימאַנקע. גאַנצפרי לאָדט מען אָן די פאַסטקעס, און אזוי אַלע טאָג. דו פאַרשטייסט, שיטאַן-שאמאַן? איז הער, הער, וואָס מיר כאָלעמט זיך: אז איך בין שוין צוריק אין קוקאַן, קום צו גיין צו מײַנע פאַסטקעס, און פון זיי ציט זיך א ריי וועווערקעלעך, ציט זיך לאַנג, לאַנג, ווי נאָר דאָס אויג פאַרכאַפּט, שיטאַן-שאמאַן! די וועווערקעלעך קוקן מיר אין די אויגן און וואַרטן, ווען איך וועל אויסלאָדן די פאַסטקעס און זיי אַרײַנלאָזן אהין. הערסט א כאָלעם? וואָס קאָן דאָס באַטײַטן, שיטאַן-שאמאַן?

אין-די-קאַן וואַרט, איך זאָל אים פּויסער-כאָלעם זײַן.

— יאָ, — זאָג איך, — איך ווייס, וואָס דאָס באַטײַט. בא אונדז אין אוקראַינע איז פאַראַן א ווערטל: „די הענער כאָלעמט זיך פּראָסע”.

— איי, שיטאַן-שאמאַן! א כאָלעם איז ווי א נעפּל, אָט איז ער דאָ, און אָט איז ער ניטאָ. ווי זאָגסטו, אף אוקראַינע איז דאָס ווערטל? סאַרא שיין לאַנד דאָס איז. אונדזער דעלעגאַציע איז דאָך געווען אויך אין קיעוו און אין כאַרקאָוו, סאַרא ווילע מענטשן עס לעבן דאָרטן! אונדז האָט אופגענומען דער סעקרעטאַר פון צעקאַ, דער כאַווער פּאָסטישעוו. ער איז אן אונדזעריקער, א דאַלנעוואָסטאָטשניק. „אוי, — זאָגט ער צו אונדז, — ווי איך בין אײַך מעקאַנע, וואָס איר פאָרט אהין, ווו איך האָב פאַרטיזאַנעוועט. ס'איז ניטאָ קיין טאָג, איך זאָל זיך אין יענע קאַנטן ניט דערמאָנען”. דו פאַרשטייסט, שיטאַן-שאמאַן, אזא פאַרנומענער מענטש,

מיט אַזויפיל דייגעס אין מויער און מיט אַזאַ אַל אויף די פּלייצעס, געפינט ער ציַיט צו בענקען נאָך דער טייַגע!

אין־די־קאַן האָט זיך ווידער אָנגעשטרענגט, געשאָקלט זיַין קערפּער פאָרויס און צוריק, פאָרויס און צוריק, דערנאָך א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט און שטיל געזאָגט:

— א שאָד, א שאָד, שיַיטאַן־שאַמאַן, זייער א גרויסער שאָד! — און איז געבליבן זיצן, פאַרזונקען אין זיַינע געדאַנקען. ער האָט איבערגעלעבט עפּעס זייער ערנסטס.

— וואָס איז א שאָד? — פרעג איך אים איבער.

און אין־די־קאַן הייבט אָן צו דערציילן וועגן דעם, אַז פּונקט אין דער ציַיט, ווען די דעלעגאַציע איז געווען בא פּאָסטישעוו, האָט יענער אַרויסגעזאָגט א מיינונג, אַז מע דאַרף איַינפירן ווידער די טראַדיציע פון שטעלן יאָלקעס צום נייַעם יאָר. ביז דעמאָלט האָט מען געהאַלטן, אַז דאָס איז א רעליגיעזע איַינפירעניש, נאָר פּאָסטישעוו האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פּשוט א פרייַלעכער יאָמטעוו פאַר קליינוואַרג און אויך פאַר דערוואַקסענע, און מע דאַרף אים פּראַווען, ווי אַמאָל. פּאָסטישעוו האָט דערביַי זיך געקלאָגט, אַז אויף אוקראַינע זיַינען שוין ניט פאַראַן קיין סאָך יעלן און עס קומט אויס זיי צו ברענגען פון די צאָפנדיקע און מיזרעכדיקע געגנטן.

— הייסט דאָס, — האָט מיט א קרעכץ געפרעגט אין־די־קאַן, — אַז אויך קיין וועוועריקעס זיַינען שוין דאָרט ניט פאַראַן? און וואָס וועט זיַין בא אונדז אויף ווייַטן מיזרעך? ס'פאָרן אָן א סאָך מענטשן, מע האַקט די טייַגע, די ערד ווערט הויל, ס'וועט אינגיכן זיַין בא אונדז, ווי היינטער קיִעוו און כאַרקאָוו? א שאָד, א גרויסער שאָד, שיַיטאַן־שאַמאַן! — האָט ער מיט א פאַרביטערט פּאָנעם פאַרענדיקט זיַין דערציילונג.

דער מאָדנער כאַלעם, די דערמאָנונג וועגן פּאָסטישעוו האָבן אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער האָט פאַרגעסן וועגן עסן. אָבער נאָך דעם, ווי איך האָב אים דערמאָנט, אַז מיר דאַרפן היַינט קומען קיין קוקאַן און אַז מע דאַרף אָנהאָדעווען כוַנזייַען, איז ער געוואָרן א ביסל פרייַלעכער.

אינגיכן האָבן מיר פאַרלאָזט די זאַימקע. אין־די־קאַן האָט אָנגעשאָטן פונעם זאַק א טשוהונאָק מיט קנאַקנדיקע, ווי ניס, פאַרפרוירענע קרעפּלעך און אַרויסגעשטעלט אים אין פירהויז אויפן פראָסט. די זאַימקע איז געבליבן אַזאַ, ווי זי איז געווען, ווען מיר זיַינען אַהער אַריַין. ס'איז

בלויז צוגעקומען דער פרײדיק פונעם קאבאן, וואָס הענגט איצט אין קעלער, און ס'איז געוואָרן אַ ביסל ווײניקער געווײַנטע קרויט, אוגערקעס, געזאַלצענע פיש.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילער, זוניקער און ליכטיקער טאָג. די ביימער זײַנען געשטאַנען אומבאַוועגלעך אונטער דער לאַסט פונעם אָנגעפאַלענעם שניי אויף די צווײַגן. די שטיקלעך הימל, וואָס שעמערירן צווישן די קרוינען פון די ביימער, זײַנען בלויע. ווען מיר גייען אַרויס פון דער געדיכטעניש, באַווײַזן זיך אַלץ מער פלאַכע ערטער מיט שיטער באַוואַקסענע ביימער. הײַנט איז גרינג צו גיין. דער שניי האָט זיך אײַנגעלעגן. פון צײַט צו צײַט קומט אונדז אויס איבערשטײַגן עטלעכע גרעסערע און קלענערע טײַכלעך, אייניקע פאַרקאַוועטע אין אײַז, אַנדערע — געשווינד פליסנדיקע. דאָרט, וווּ דאָס טײַכל איז ניט פאַרפרוירן, רוישט דאָס וואַסער צווישן אָנגעוואַלגערטע שטיינער, און מיר הערן דאָס פונדערווײַטן, נאָך איידער מיר דערזעען עס.

דער ערשטער, ווי שטענדיק, שפּרינגט איבער די שטיינער כונזײַ. מע באַווײַזט זיך ניט אומקוקן, ווי ער איז שוין אויף דעם קעגנאיבערדיקן ברעג, קערעוועט זיך אויס מיט דער מאָרדע צו אונדז און הייבט אָן בילן. טאָמער פאַרהאַלטן מיר זיך איבער עפּעס-וואָס, האָט ער ניט קיין געדולד, שפּרינגט צו אונדז צוריק, דערנאָך — נאָכאַמאָל פון שטיין צו שטיין, פון שטיין צו שטיין, און איז שוין ווידער אויף יענעם ברעג. אַזוי איז שוין הײַנט געווען דאָס ווײַפטע מאָל. ער לויפט אַנטקעגן אונדז, דרייט זיך פאַר די פיס, קוקט אַרײַן אין די פּנעמער, וואַרט, מע זאָל אים עפּעס זאָגן אָדער זיך אָנבייגן צו אים און אים אַ גלעט טאָן. כונזײַ האָט שוין, ווי ס'ווײַזט אויס, פאַרגעסן, אַז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער קאַבאַן צעשניטן אים די פעל אויפן בויך און אַז אין-די-קאַן האָט זי פאַרלאַטעט פּאַשעט און פּראָסט, ווי מע פאַרלאַטעט אַ צעריסענעם שטיוול. ער האָט שוין אויפגעהערט צו סקוליען און איז אין דער בעסטער שטימונג.

עס פילט זיך, אַז מיר האָבן גוט אָפּגערוט, און, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מיר האָבן הײַנט איבערגעשטיגן עטלעכע טײַכלעך, פילן מיר ניט קיין מידקײַט. אין-די-קאַן גייט זייער גרינג. מיר האָבן אַפילו ניט באַמערקט, ווי ס'איז שוין האַלב טאָג. בײסן וואַרעמעס זאָגט אין-די-קאַן, אַז אונדז איז געבליבן נאָך עטלעכע שאָ גאַנג ביז קוקאַן, מיר וועלן נאָך דאַרפן איבערגיין דעם טײַך אורמי.

אין-די-קאַן זעט אויס מונטערער, ווי אײַנדערפֿרי. באַם וואַרעמעס האָט ער געשפּאַסט, זיך געשפּילט מיט כונזײַען. אָט לײגט ער אים אַוועק צו זיך אויף די קני און קיצלט אים דעם בויך. פֿון דער זײַט זעט מען, אַז ביידע, סײַ אין-די-קאַן, סײַ דער הונט האָבן דערפֿון הנאָה.

— אָך דו, שײַטאַן-שאַמאַן, זיך פֿאַרבענקט נאָך קוקאַן? באַלד, שוין ניט ווײַט. וועסט קומען צו מאַריען, אוי, ווי זי וואַרט שוין און בענקט נאָך דיר, שײַטאַן-שאַמאַן!

ער קערט איבער דעם הונט אויף דער צווייטער זײַט, באַקוקט, ווי-אַזוי ס'איז פֿאַרוואַקסן בײַ אים די פֿעל נאָך דער „אָפּעראַציע".

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט לאַנג געדענקען דעם קאַבאַן, — זאָגט ער צו כונזײַען, פּונקט ווי יענער פֿאַרשטייט, וואָס מע רעדט צו אים. און שוין צו מיר:

— איבערמאָרגן וועלן מיר הײַנט עסן אין קוקאַן, בײַ מיר אין שטוב. מײַן מאַריע וועט דיך באַגעגענען ווי אַ גרויסן גאַסט, וועסט זען, שײַטאַן-שאַמאַן!.. ניט נאָר בײַ מאַריען, נאָר בײַ אַלעמען אין קוקאַן, וועמען דו טראָגסט דאָס געלט, און אַפֿילו וועמען ניט, בײַ אַלעמען וועסטו זײַן אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

מיר זײַנען אַוועק ווײַטער קיין קוקאַן. ווי שטענדיק, האָט דער ערשטער געשפּאַנט אין-די-קאַן. אויף זײַן פּלייצע איז לײַכט געהאַנגען דער זאַק מיטן רעשט קרעפּלעך. די ביקס איז געהאַנגען פֿון פֿאָרנט. אין-די-קאַן האָט ווי פֿאַר זיך געזונגען אַ ליד מיט אומפֿאַרשטענדלעכע פֿאַר מיר ווערטער אָדער גאָר אָן ווערטער.

דער טאָג איז געגאַנגען צום סוף, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון ניט קיין גרויסער הויכעניש צום טײַך. דער הימל איז געווען באַלויכטן מיט העל-רויטער שײַן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון. אורמי האָט אַ הויכן רעכטן ברעג און איז פֿול מיט ניט קיין גרויסע, נאָר הילכיקע און שטורמישע וואַסערפֿאַלן. ניט קוקנדיק אויפֿן שטאַרקן פֿראָסט, האָט דאָס וואַסער ווי געזאָדן צווישן די שטיינער.

ווען מיר זײַנען צוגעגאַנגען האַרט צום ברעג, איז כונזײַ, ווי שטענדיק, שוין געווען דאָ. אין-די-קאַן האָט פֿאַרגעלייגט, מיר זאָלן זיך לאָזן גיין נידעריקער מיטן שטראָם, דאָרט, וווּ דער טײַך איז שוין פֿאַרקאָוועט אין אײַז. דאָס איז אַ דרײַ-פֿיר קילאָמעטער פֿונדאַנען. ס'הייסט, מיר וועלן

אָנלייגן וועג, נאָר דערפאַר וועלן מיר ניט דאַרפן ריזיקירן. אין־די־קאַן נעמט ווידער באַטראַכטן, ווי מע קאָן גיין איבער די שטיינער. ער ווײַזט אָן מיט זײַן שטעקן און זאָגט:

— אף דעם, אף יענעם, פון דאָרטן אהער, און פונדאַנען? פונדאַנען איז ניטאָ וווּהין. — און ער הייבט אָן פונדאָסנײַ, טײַטלענדיק מיט דעם שטעקן: — פונעם ברעג אף דעם, פון דעם אף יענעם, פון יענעם? ווידער ניטאָ וווּהין. ניין, שײַטאַן־שאַמאַן, וואָס איז דאָ לאַנג צו קלערן, מיר דאַרפן גיין נידעריקער, ביז צו דעם אָרט, וווּ דער טײַך איז פאַרקאָוועט אין אײַז. אינגאַנצן עטלעכע קילאָמעטער, וואָס פאַר א באַדײַטונג האָט עס פאַר אונדז? איז אַוועק! פאָרויס!

דערהערנדיק, ווי אין־די־קאַן האָט געזאָגט „אַוועק! פאָרויס!", טוט כונזײַ א שפרונג פונעם ברעג אף איין שטיין, פון איין שטיין אף א צווייטן, פונעם צווייטן אף א דריטן — און אָט איז ער שוין אינמיטן טײַך, וווּ דער שטראָם איז זייער שטאַרק. ער טוט נאָך א שפרונג צו א ווײַטלעכן גרויסן שטיין, נאָר גליטשט זיך אויס אפן אײַז, וואָס איז אָנגעפרוירן אף אים, פאַלט אַרײַן אין וואַסער. דער שטראָם כאַפּט אים אונטער, ווי א שפענדל, ער פרוווט זיך אַרויסקאַראַבקען, נאָר דער שטראָם טראָגט אים אַלץ גיכער און גיכער, וואַרפט אים אָפּ און פאַלט ווידער אָן אף אים מיט זײַן מאַסע גיך־שטראָמענדיק וואַסער. כונזײַ כאַפּט זיך אָן פאַר א קליין נידעריק שטיינדל, נאָר באַווײַזט זיך ניט פאַרהאַלטן, און עס טראָגט אים אַלץ ווײַטער און ווײַטער פאָרויס. אין־די־קאַן שרײַט און רופט דעם הונט, שרײַט צו אים אף רוסיש און נאַנײַיש, לויפט לענגאויס דעם ברעג, אין טיפן שניי, באַמיִענדיק זיך ניט אַרויסלאָזן פונעם אויג דעם הונט. איך לויף אויך, שרײַ און רוף כונזײַען, נאָר איך זע אים נאָר צײַטנווײַז. ווען דער שטראָם גיט אים א הייב אין דער הייך, פאַרלירן מיר אים ווידער און באַמערקן, אַז דער שטראָם איז אף א סאַך שנעלער, ווי אונדזער לויפן, און אינגיכן פאַרלירן מיר שוין אינגאַנצן כונזײַען פון די אויגן. אף אונדזער געשריי רופט כונזײַ זיך ניט אָפּ, צי עפשער וואָיעט ער דאָרט ערגעץ, נאָר דער געוויש פונעם וואַסער־שטראָם פאַרשלאָגט זײַן קאָל. וואָס ווײַטער און נידעריקער איז דער שטראָם גרעסער. איצט האָבן מיר שוין פאַרלוירן די מינדסטע האָפענונג, אַז דער הונט זאָל זיך אַרויסקלײַבן פונעם טײַך.

אין־די־קאַן שטייט, אָטעמט שווער, פון זײַנע אויגן רינען איבערן

פאַנעם צוויי ריטשקעלעך טרערן, ער ווישט זיי אויס בא די סאמע ליפּן און זאָגט צו מיר מיט א געבראָכן קאָל:

— אזא צאָרע, אזא אומגליק, שיַיטאַן־שאמאן! אומגעקומען אונדזער כונזיַ, בלויז א קליינינקייט ניט דערגאנגען אהיים!

דער טיַיך ווערט אלץ ברייטער און ברייטער, דער שטראָם שטילער, ביז מיר דערקליַיבן זיך צום אָרט, וווּ דאָס איַיז איז איבערגעצויגן פון ברעג צו ברעג.

מיר קוקן זיך גוט איַין אין טיַיך מיט דער האָפענונג, אז עפשער האָט כונזיַ זיך דערקליַיבן ביז אָט די ערטער און דאָ זיך ארויסגעכאַפּט פון דער געפאַר...

מיט שטעקנס טאַפּן מיר אָן די פעסטקייט פונעם איַיז און גייען אריי־בער אף דעם קעגנזיַיטיקן ברעג. מיר הייבן זיך אוף א ביסל אין דער הייך, פונוואנען מע זעט דעם טיַיך אף א גרויסן שטעטך — אף רעכטס ברויזט דאָס וואסער צווישן די אָנגעוואַלגערטע שטיינער, פונקט ווי קיין פראָסט איז ניטאָ, און דאָ פאַרייניקט ביידע ברעגן א פעסטער איַיז־פּאַנ־צער. מיר זעצן זיך צו און פאַרייכערן. בא אין־די־קאַנען איז דאָס פּאָנעם נאָך אלץ פאַרכוישעכט, ער ריַיסט ניט אָפּ די אויגן פונעם טיַיך. וויפל גוטס פלעגט אים ברענגען דער טיַיך אורמי, וויפל מאָל פלעגט ער פון אָט דעם טיַיך קומען אהיים מיט פולע קוישן פיש. און איצט וועט אורמי, וואָס האָט אים געגערט, שטענדיק אים דערמאָנען אין דעם אומגליק, וואָס האָט היַינט געטראָפן.

שטיל, ווי צו זיך אליין, זאָגט ער:

— ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ כונזיַ... א באַניַיער אָן א הונט איז ניט קיין יעגער, אפילו ווען ער האָט א ביקס...

איך ווייס ניט מיט וואָס צו טרייסטן אין־די־קאַנען. פאר דער ציַיט פון אונדזער נעסיע קיין קוקאן האָב איך אויך ליב באקומען כונזיַען, נאָר איך באַנעם, וויַיזט אויס, ניט דעם גאנצן ווייטיק, וואָס עס פילט איצט אין־די־קאַן. ער צעפּירט מיט די הענט און שעפּטשעט:

— וווהין וועט עס אים פארטראָגן, שיַיטאַן־שאמאן? אין דער טונ־גוסקע, פון דאָרטן אין אמור און וויַיטער אין יאם אריַין?

אין־די־קאַן הייבט זיך שווער אוף, ציט אונטער דעם זאַק אף די פּלייצעס. און, אָנטאַפּנדיק מיטן שטעקן דעם וועג, לאָזט ער זיך גיין. שוויַיגנדיק, גייען מיר, ווי פריער: פאָרויס אין־די־קאַן, דערנאָך איך, נאָר

עס לויפט שוין ניט מער אהין און צוריק כונזיי. אָט אזוי, שווייגנדיק, קומען מיר אומבאמערקט אָן קיין קוקאָן.

קעדיי צו דערזען קוקאָן, האָט מען באַדאַרפט צוקומען צו אים זייער נאָענט. צווישן ניט קיין געדיכטער טייגע — סאָסנעס און צעדערס — האָבן זיך באַוויזן הייזער, אָנגעשטעלטע אָן א סיידער, געבויטע פון דיקע בערווענעס. ווו-ניט-ווו זיינען צווישן די הייזער געשטאַנען יורטעס. אין א זייט, אף א הויכעניש, האָט זיך אויסגעטיילט די געביידע פון דער שול, נאָך גאָר א נייע, מיט א גרויסן הויף, אָן ארומגעצאַמטן מיט שטאַכעטן, וועלכע שמעקן נאָך מיט סמאָלע. ניט ווייט פון דער שול — דער דאָרף-סאָוועט און די געביידע פונעם מאגאזין. קעגן דעם דאָרף-סאָוועט — ניט קיין גרויסער פלאץ און אינמיטן — א טריבונע, אויסגעפארבט אין רויטן קאָליר.

מיר האָבן ניט באַוויזן צוגיין צום סאָוועט, ווי פון אַלע עקן דאָרף האָט זיך פון די הייזער, פון די יורטעס א שאָט געטאָן דער עוילעם. אַל-טע און יונגע, קליינוואַרג און אפילע זויג-קינדער אף די הענט בא די מוטערס אָדער אונטערגעבונדענע צו די פלייצעס מיט רימענדלעך.

אינגיכן האָט זיך אין עק דאָרף דערהערט דאָס הילכיקע קלאַפּן פון א מאָטאָר. אָט דער קלאַנג איז געווען אומגעריכט אָט דאָ, אין דער טייגע, ווייט פון שטעט און גרעסערע יישובים. נאָר ווען אין דער אפגיך צוגע-פאַלענער טונקלקייט האָט זיך צעשאָטן די שיין פון עלעקטראָ-לעמפּלעך, האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז.

ווען מיר זיינען געקומען צו דער טריבונע, ווו עס זיינען שוין גע-ווען היפּש מענטשן, האָט יעדער איינער אפן וועג זיך געגריסט מיט אונדז:

— א גוט-העלף, אין-די-קאַן! א גוט-העלף דיין מיטגייער, — און נאָך עפּעס אף נאַנייִש. אין-די-קאַן האָט אראָפּגענומען פון מיינע פליי-צעס דעם רוקזאַק מיטן געלט, אים אוועקגעשטעלט אפן ראַנד פון דער טריבונע אזוי, אז אַלע זאָלן אים זען. מיט א זשעסט האָט ער מיך און די מיטגלידער פונעם דאָרף-סאָוועט פאַרבעטן אף דער טריבונע.

פון דער הייך האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, אז אַלע זיינען גע-ווען אָנגעטאָן אין שיינע קליידער פון ווערקעס און הירשן-פעלכלעך, אויסגעפוצטע מיט אָרנאַמענטן פון דעם זעלבן פוטער, נאָר אויסגעפילט זייער קונציק, מייסטעריש און קינסטלעריש. ווער ס'האָט זיך נאָך ניט באַוויזן באַגריסן מיט אין-די-קאַנען אין וועג, איז צוגעגאַנגען צו דער

טריבונע. ס'האט זיך געפילט, אז ער איז דא א כאשעווער מענטש און מע האט פאר אים אפשיי.

שוין א ביסעלע שפעטער, ווען איך האב באטראכט דעם גאנצן עולם, האב איך פריער דערהערט, דערנאך שוין דערזען — דעם שאמאן. דערהערט האב איך אים לויטן קלונג פון קליינע גלעקעלעך, בלעכענע שאכטעלעך פון פארשיידענע פארמעס און אפילו ליידיקע פודעלעך פון שוואקס. לויטן אויסזען האט מען ניט געקאנט זיך פארשטעלן זיין עלטער. אפן קאפ האט ער געטראגן א קאלפעק, ווי א שקארמיץ, פון פארשיידנקאליריקע שטיקלעך פוטער. אינעם קאלפעק זיינען געווען אנגעשטאכן פעדערן פון פייגל. אין סאמע פארנט פונעם קאלפעק איז געווען איינגעמאסטעט אן אויג פון א סאווע, א ביסל נידעריקער — א שנאבל פון א פיקהאלץ. איין האלב פאנעם באם שאמאן איז געווען אויסגעשמירט — יא, ניט פארגרימירט, נאר אויסגעשמירט אין רויטער פארב, די צווייטע האלב — אין גרינער. אף דער זייט, וווּ ס'איז געווען די רויטע פארב, איז דער אויער געווען א גרינער, און דארט, וווּ די גרינע פארב, — א רויטער. קוקנדיק אף דער רויטער זייט, האט זיך געדוכט, אז עמעצער האט דעם שאמאן צעקוועטשט דאס מעשונע-ווילד פאנעם, און אט די רויטקייט איז פון זיין אייגן בלוט. פון איין אויער איז אראפגעהאנגען א דעקל פון א וואזעלין-פודעלע, פונעם צווייטן אויער — דאס פודעלע אליין.

קיין שום אנטאן האט מען אף דעם שאמאן ניט געזען, ס'האט זיך געדוכט, אז אין עפעס איז ער יא געווען אנגעטאן — אין א מין פעלצל, אויך פון פארשיידענע שטיקלעך פוטער, נאר דאס אלץ איז אזוי געווען באהאנגען מיט פודעלעך, שאכטלעך, פלעשעלעך, אז דורך זיי האט מען גארנישט ניט געזען.

דער שאמאן איז ניט איינגעשטאנען אף איין ארט, ער האט געמאכט קרומע, מעשונע-ווילדע באוועגונגען, געוואלט, ווייזט אויס, אויסנעמען בא מיר, א נייעם מענטשן אין קוקאן, ווייל די קוקאנער האבן אף אים שוין קיין אכט ניט געלייגט. דאס קליינוואַרג, האט מען מיר דערציילט, פלעגט זיך צוגאנווענען צו אים פון הינטן, א צי טאן פאר א פלעשעלע אדער פאר א פודעלע און נאכשרייען: „שייטאן-שאמאן, שייטאן-שאמאן, אוועק פון קוקאן, אוועק פון קוקאן!"

אין-די-קאן האט א פליעסקע געטאן מיט די הענט און געבעטן, ס'זאל זיין שטיל.

— צורעשט, מײַנע טײַערע לאַנדסלײַט, — האָט ער אָנגעהויבן, און די לערערן פֿון דער שול, קלאַוודיאַ יעפֿימאָוונאַ קוזניעצאָווא, וועלכע איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט מיר איבערגעזעצט פֿון דער נאַנײַער שפּראַך וואָרט אין וואָרט, — צורעשט גיב איך אײַך איבער אַ גרוס פֿון קאַלינינען אַליין. ער האָט מיר געדריקט די האַנט, איר זעט אָט די האַנט? קאַלינין אַליין האָט זי געדריקט. ער האָט געבעטן איבערגעבן אײַך אַלעמען אַ גרוס, געווונטשן אײַך אַלדאָס גוטס.

דער עולם האָט גערעדט צווישן זיך:

— אין-די-קאַן! בײַ קאַלינינען אַליין געווען!

אין-די-קאַן האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אַ האַנט אין אַ האַנט און פֿאַרגעזעצט:

— דעם דאָזיקן רוקזאַק האָט פֿון אין ביז קוקאַן געטראָגן אויף זײַנע פּלייצעס אָט דער יונגער ייִד, דער קאָמסאָמאָלעץ, וועלכער איז געקומען פֿון אוקראַינע קיין ביראָבידזשאַן צו בויען זײַן לעבן. איר ווייסט, וואָס עס ליגט אין רוקזאַק?

איבערן פּלאַץ האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ טויבע שטילקײַט. אין-די-קאַן האָט באַקוקט דעם עולם און געזאָגט דײַטלעך:

— געלט, געלט איז אין דעם רוקזאַק. אײַער געהאַלט, קימאַט פֿאַר אַ יאָר צײַט! דעם קאָמסאָמאָלעץ איז ניט שווער געווען דאָס צו ברענגען אַהער, כאָטש דאָס ערשטע מאָל אין טײַגע איז זייער ניט גרינג. נאָר ער האָט דאָס געטראָגן, ווײַל ער האָט געוווּסט, פֿאַר וועמען ער טוט דאָס. איצט קומט אין דאָרף-סאָוועט, דאָרט וועלן מיר דאָס אַרויסגעבן, וועמען עס קומט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ס'זאָל ווערן שטיל און געזאָגט:

— וואַרט, וואַרט אַ ווײַלע, — און גענומען דערציילן, וויאַזוי עס איז אומגעקומען כובזײַ.

דער עולם איז געשטאַנען פֿאַרטרויערט. בײַ אייניקע פֿרויען האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, אויך בײַ אין-די-קאַנען זײַנען די אויגן געווען פֿײַכט. לויט די זשעסטן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ניט אַנדערש, ווי יעדערער איז גרייט אָפּצוגעבן אין-די-קאַנען זײַן הונט.

אין דאָרף-סאָוועט איז בײַ אַ לאַנגן טיש, באַדעקט מיט אַ רויטן סערוועט, געזעסן די קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעצאָלט דאָס געלט. ס'איז

געוועז טומלדיק, דער צימער — איבערגעפולט מיט מענטשן, נאָר יעדע־רער איז צוגעגאנגען רויק צום טיש, זיך צעשריבן אין דער ליסטע, באקו־מען דאָס געהאלט. און יעדער איינער האָט געפונען פאר נייטיק באדאנ־קען אין־די־קאנען און מיך פאר אונדזער טירכע, פארבעטן צו זיך אין געסט. דער רוקזאק איז שוין באלד ליידיק, נאָר דער אוילעם צעגייט זיך ניט, מע שורשעט מיט די נייינקע, קנאקנדיקע אסיגנאציעס.

און אָט איז שוין דאָס גאנצע געלט צעטיילט, עס ליגן פאר דער קאָמיסיע די ליסטעס, אלץ איז אין אָרדענונג, א קאָפּיקע צו א קאָפּיקע. איך גיב א קוק אף דער אונטערשטער שורע און כאַפּ זיך פארן קאָפּ: ווער האָט דאָס מיר, אזא יונגן, פארטרויט אזויפיל געלט? און ווו האָט זיך גענומען צו מיר די דרייסטקייט צו נעמען אף זיך אזא שליכעס?

דער אוילעם איז זיך צוביסלעכווייז צעגאנגען. און ערשט דעמלט האָט אף דער שוועל זיך באוויזן מאַריע:

— איר וועט אמאָל ענדיקן מיטן געלט? ס'איז דאָך שוין אזוי שפעט.

— מיר האָבן שוין געענדיקט, — זאָג איך איר, — אָבער ס'איז דאָך נאָך אזוי פריי!



## יאַשע טשערניס

# דער וועג קיין קוקאַן

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1984, 64 זײַטן
קינסטלערישע און טעכנישע רעדאַקטור —
ס. טשערניאַק, יע. קאַפּלאַן
קאָרעקטאָר — כ. אָסטראָווסקי

## Яша Чернис

# ДОРОГА В КУКАН

М., «Советский писатель», 1984, 64 стр.
Под общей редакцией А. Вергелиса
Художественная и техническая редакция
С. Черняк, Е. Каплан
Корректор Х. Островский

Сдано в набор 25.07.84. Подписано к печати 18.09.84.
Формат 70×108¹/₃₂. Бумага типографская № 1. Печ. л. 2.
Условн. печ. л. 2,8. Цена 10 коп. Заказ № 413.

Редакция журнала «Советиш геймланд»
101000, Центр, ул. Кирова, 17.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
«Союзполиграфпрома» Государственного
комитета СССР по делам издательств, полиграфии
и книжной торговли.
Москва, 121019, пер. Аксакова, 13.

Supplement to “Sovietish Heimland” No. 10, 1984